Rok I. Kraków, 5 listopada 1909 — קראקא כ"א חשון תר"ע. Nr 43




Zydowska gazeta illustrowana. Judische Illustrierte Zeitung.

wychodzi każdego piątku. **Prenumerata wynosi**: Rocznie 10 K. — 5 Rbs. — M. 12. Frs 15. Półrocznie 5 K. — Rbs. 2.50 — M. 6 — Frs 7.50, kwartalnie K. 2.75 — Rbs. 1.50 — M. 2.25 — Frs. 4. Pojedyn. egzemplarz 20 hal. — 10 kop. — 25 Pf. — 30 Centm. **Redakcya i Administracya** Kraków, Grodzka 62 — telefon 412 — Konto Pocztowej Kasy Oszczędności 57.341. **Ogłoszenia przyjmuje**: Biuro reklamowe i anonsów »Prinzipia« w Krakowie św. Marka 21.

Erscheint jeden Freitag. **Abonamentspreis**: jährlich K. 10. — Rbl. 5. — M. 12. — Frs 15. halbjährlich K. 5· — Rbl 2·50 — M. 6 — Frs 7·50, vierteljährlich K 2·75. — Rbl 1·50. — M. 2·25. — Frs 4. Einzelne Nummer: 20 Heller — 10 Kop. — 25 Pf. — 30 Centm. **Redaktion und Administration**: Krakau, Grodzka 62. — Telephon 412. — Oester. Postsparkassen-Konto 57.341. **Inseraten-Annahme**: Reklame Bureau »Prinzipia« Krakau, Markagasse 21.

ערשיינט יעדען פרייטאג. **אבאנאמענטס-פרייז**: יעהרליך 10 קראנען. = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראנען = 2,50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראנען, = 1.50 רובל. — איינצעלנע נומער 20 העללער = 10 קאפ — אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק. האלביעהריג 7 50 פיערטעליעהריג 4 פראנק. **רעדאקציאן אונד אדמיניסטראציאן**: קראקא גראדזקאסטע 62. — טעלעפאן נר' 412 — עסטערר. פאסטשפארק.-קאנטא נר' 57,341. **אינזעראטען-אננאהמע**: אנאנסען-בירא „פרינציפיא", קראקא, מארקא-גאססע 21.

# די ערמארדונג פון פירסט איטא אין חארבין.

דער ערמארדעטע יאפאנישע שטאאטסמאן פירסט איטא (×) אים קרייז פון זיין פאמיליע.

## די היינטיגע נומער ענטהאלט: צום יובילעאום פון דער קאטאוויטצער קאנפערענץ (מיט אילוסטראציע פון דער קאנפערענץ).

# וויכטיג פאר אונזערע אבאַ־נענטען.

**ווער ס'אבאניערט די „יודישע אילוס־טרירטע צייטונג“ אויף דעם קומענדען יאהר 1910 און שיקט שוין איצט ארייין ד"ם „אנצען אבאנעמענטס־פרייז פון 10 קראנען, בעקומט, אויסער די אלגעמיינע פרעמיעס (וואנדקאלענדער, „דוד שפירא“ און „דון יוסף הנשיא“), נאך אלס בעזונ־דערע פרעמיע**

## אלע בלעטער פון איצט ביז צו ניי־יאהר אומזיסט.

**דאס אבאנעמענט וועט גערעכענט ווערען פון 1 יענער 1910 ביז 1 יענער 1911.**

---

דיעיינע אבאנענטען, וואס זייער אבאנעמענט ענדיגט זיך מיט דיעזע נומער, בעקומען ביינעלעגט א פאסט־שעק, מיט וועלכען זיי זאלען עס תיכף ערנייערן, כדי מיר זאלען נישט זיין געצוואונגען, אויפצוהערען מיטן צושיקען פון אונזער בלאט.

*

די פ. ט. אנענטען ווערען אויפגעפאדערט, תיכף צו בעגלייכען זייערע רעכנונגען, ווייל זאנסט וועלען מיר זיי נישט מעהר צושיקען די בלעטער.

*

אונזער הויפטפערטרעטער אין רוסלאַנד איז:
י. מערעצקי, ווארשא, במיעלנא נר' 49, פיליאלע אין לאדז: פשעיאזד נר' 16.

אין רומעניען: יאזעף באַרטפעלד, פאסקאני.

אין בעלגיען: ס. קאַהאַן, אַנטווערפען.

אין אמעריקאַ: ש. הרוקערמאַן, ניו־יאָרק, 50 קאַנאַל־סטריט.

## די אדמיניסטראציע.

---

## ערמאָרדונג פון פירסט איטא.

אין חארבין (מאנדשוריי) איז פאַ־ינע וואָך פאר־געקומען א פאליטיש אטענטאט, וואס האט א־ויסגע־רופען די גרעסטע אויפרעגונג און קען האָבען וויכטיגע פאליטישע רעזולטאטען.

דער פירסט הערא־בומי איטא, איינער פון די וויכטיגסטע יאפאנישע שטאַאטסמענער, דער „יאפאנישער ביסמארק“, ווי מען פלעגט איהם רופען, איז אויף דעם באַהנהויף פון חארבין דערשאָסען געווארען דורך א קא־רעאַנער.

דאס אטענטאט איז געשעהען מאנטאג פריה א זייגער אין דער פריה. פירסט איטא איז אָנגעקומען צו־פאָהרען צוזאַמען מיט'ן רוסישען פינאַנצמיניסטער קאקאָוו־צעוו, וועלכער ווײַלט אין יענע געגענדען און מיט וועלכען ער האט געפיהרט וויכטיגע פאליטישע פערהאַנדלונגען.

תיכף ווי דער יאפאנישער פירסט איז א־ויס פון וואַגאָן אין בעגלייטונג פון מיניסטער און די רוסישע בע־אמטען פון חארבין האָבען איהם בעגריסט, האבען זיך פון הינטער די פלייצעס פון די פ־עמדע קאָנסולען וואס זענען ער־שיענען צום עמפפאנג פון דיביידע שטאַאטס־מענער, דערהערט איינינע רעוואָלווער־שאָסען. נאך איידער מען קען זעהען, פון וואנען דאס נעמט זיך, פאלט שוין פירסט איטא אנידער, שטערבליך געטראָפען פון עט־ליכע קוגעלן. געבען איהם פאלען אנידער דער נאַשאַל־ניק פון דער מאנשורישער באהן, שווער פערוואונדעט



נייע מיליטערישע איבונגען: א זאלדאט שפרינגט איבער א עטליכע פעסער הויכען דאך.

אין פוס און דער יאפאנישער גענעראל־קאנזול אין חארבין, לייכט פערלעצט. אין קוים 30 מינוט שפעטער איז איטא געווען טויט.

דעם מערדער האט מען געפאקט; ער ערקלערט, או ער איז א קא־עאַנער און איז אַבזיכטליך געקומען קיין חארבין, כדי צו הינ'גען דעם פירסט איטא און צוואר אויס ראַכע, ווייל דער פירסט האט בשעת זיין געפונען זיך אין קארעא געהייסען טויטען איינינע פון זיינע קרובים.

דאס אטענטאט איז געווען גוט ארגאַניזירט. די פאליציי האט פערהאַפטעט עטליכע דרייסיג קארעאַנער, וואס זענען פערדעכטיגט, אנטהייל גענומען צו האבען אין דעם מארד.

דעם רוסישען פינאַנצמיניסטער איז גאר נישט געשעהען.

דאס קערפער פון געשאסענעם פירסט האט מען בעדעקט מיט א קראַנץ בלומען און אבגעפיהרט קיין יאפאן.

* * *

הערא־בומי איטא איז געבוירען אין יאהר 1840 ביי א אריסטאָקראטישער יאפאנישער פאמיליע. נאך אין די יונגע יאָהרען האט זיך איטא אנגעהויבען צו בעקענען מיט די אייראפעאישע שפראכען און אייראָפעאישער קולטור. ער האט געהערט צו יענע געצעהלטע יונגע יאפאנער פון יענער צייט, וועלכע זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז יאפאן קען אויפבליהען נאר דאן, ווען מ'וועט נעהמען איינפיהרען אין איהר אייראפעאישע רעפארמען און אייראפעאישע קולטור. צוגעפאסט צו די בעדינגונגען אין יאפאן. א לענגערע צייט האט ער פערבראכט אין ענג־לאַנד, דערנאך אין אמעריקא. אין צוריקקומענדיג א היים האט ער זיין גאַנץ ענערגיע און פעהיגקייטען אויסגענוצט צו אויפצוהויבען דעם צושטאַנד פון זיין פאטער־לאַנד.

די רעפארמען אין דער יאפאנישער געלד־סיסטעם, די ערשטע אייזענבאהן־ליניע, די איינפיהרונג פון דער קאָנסטיטוציע, נאך דעם ווי ער איז א לענגערע צייט געזעסען אין דייטשלאנד און זיך בעקאנט מיט די איינריכטונגען פון א קאנסטיטוציאָנעלער מלוכה־אָרדנונג — אלץ איז פערווירקליכט געווארען דורך איטאָ. דער מיקאַדאָ און דאס גאַנצע יאפאנישע פאָלק האבען פער־שטאַנען ווי אזוי צו שעצען זייער גרעסטען מלוכה־מאַן. ער האט בעקומען דעם טיטעל „מארקיז“, דערנאך „גראף“ און שפעטער — „פירשט“.

פיער מאל איז איטא, אלס פיהרער פון די ליבע־ראלען, געווען פרעמיער־מיניסטער, אבער אויך ווען ער איז נישט געשטאַנען אין דער שפיץ פון דער רעגירונג איז די יאפאנישע פאליטיק אינגאַנצען געשטאַנען אונטער זיין איינפלוס. און ער האט דאס געבראכט צו דער רוסיש־יאפאנישער קריעג, ווען, נאכ'ן גלענצענדען נצחון האט מען זיך אנגעהויבען צו רעכענען מיט יאפאן אלס איינע פון די גרעסטע וועלט־מלוכות.



רוסלאַנד און איטאליען: דאס קעניגליכע שלאָס אין ראקאָנידזשי וואו די בעגעגניש צווישען קאיזער ניקאָלויי און קעניג וויקטאָר עמאנועל איז פארגעקומען.

צווי אינדיאַנער יודען אין ניו-יאָרק

און די זעלבע אורזאַכען, וואָס האָבען געטריעבען איטאַ'ן צו ברענגען צו דער רוסיש-יאַפּאַנישער מלחמה, האָבען איהם געבראַכט דערצו, אַז יאַפּאַן זאָל פערנעהמען קאָרעאַ.

נעהמענדיג די צוואַרפּענע, איינער פון דער אנדערער אבגעשניטענע יאַפּאַנישע אינזלען, וועלכע האָבען געלעבט אבגעזונדערט און ווילד, צוזאַמענבינדענדיג זיי דורך אַ פעסטער, קאָנסטיטוציאָנעלער מלוכה-אָרדנונג, און אַרויסרופענדיג ביי זיי אַ פּאָליטיש לעבען, — האָט זיך איטאַ אַרומגעזעהן, אַז די יאַפּאַנישע טעריטאָריע איז צו קליין, דער צוואַוקס פון דער בעפעלקערונג איז פערהעלטניסמעסיג גרויס און נישט פערברייטערענדיג די גרענצען פון יאַפּאַן וועט זיך לאַנד נישט קענען ענטוויקלען.

צו דעם צוועק איז אין 1900 פאָרגעקומען די מלחמה צווישען יאַפּאַן און חינא. ווען יאַפּאַן האָט אבגעהאַלטען אַ גלענצענדען נצחון, אבער די אייראָפּעאישע מלוכות האָבען נישט דערלאָזט יאַפּאַן געניסען די פרוכט פון איהר נצחון. יאַפּאַן האָט די מעשה פערדראָסען; זי האָט זיך דעריבער גענומען גרייטען צו אַ מלחמה מיט איהר נאָהנטסטען שכן — מיט רוסלאַנד — און בעוויזען, אַז זי קען בעזיגען נישט נאָר חינא. און כדי זיכער צו זיין פון אַלע זייטען האָט איטאַ פריהער געשלאָסען דעם אבמאַך מיט ענגלאַנד, וועלכע פערמאָגט דעם גרעסטען פלאָט.

דער רעזולטאַט פון דער רוסיש יאַפּאַנישער מלחמה איז בעוואוסט; אויסער מאַנדזשוריע האָט יאַפּאַן תיכף פערנומען קאָרעאַ וואו זי האָט זיך אָנגעהויבען צו פערפעסטיגען און דערמיט אַרויסגערופען אַ שנאה צווישען טייל קאָרעאַנער.

איטאַ איז אין די לעצטע יאָהרען געוועזען דער אבערסטע פערוואַלטער פון קאָרעאַ. ער האָט דאָרט איינגעפיהרט די גרעסטע רעפאָרמען, געבויעט אייזענבאַהנען, בריקען, שטראַסען, איינגעפיהרט אַ מאָדערנע פערוואַלטונג עטצ. אָבער די קאָרעאַנער זענען פון אַלעם דעם נישט צופריעדען. פאַר זיי זענען די יאַפּאַנער נאָך אַלץ די פרעמדע אונטערדריקער, וואָס האָבען דאָס לאַנד אונטערקאָכט און ביי איהם גערויבט די זעלבשטענדיגקייט. איבער-

דעם איז זייער האַס צו די יאַפּאַנער גרויס און אַלס קרבן האָבען זיי זיך אויסגעזוכט דעם פירסט איטאַ, דעם העכסטען רעפּרעזענטאַנט פון דער יאַפּאַנישער פּאָליטיק.

ס'איז מעגליך, אַז יאַפּאַן וועט איצט נאָך שטרענגער פאָרגעהען אין קאָרעאַ און אפשר נאָר אים גאַנצען אַנעקסירען דיעזעס לאַנד, כדי צו ערגרייכען זיין פּאָליטיש ציעל און זיך פעסטזעצען אויף דעם אַסטאַזיאַטישען פעסטלאַנד.

דאַדורך, וואָס דאָס אַטענטאַט איז צופעליג געשעהן אין חאַרבין, אויף אַ טעריטאָריום, וואָס שטעהט אונטער רוסישער הערשאַפט, וועט אויך דאָס פערהעלטניס צווישען יאַפּאַן און רוסלאַנד פערשלעכטערט ווערען. די יאַפּאַנער, ווי אַלע אזיאַטישע פעלקער, פערשטעהען עס זייער טעמפּעראַמענט איינצוהאַלטען, ווי גרויס זייער טרויער וועגען דער ערמאָרדונג פון פירסט איטאַ זאָל נישט זיין, ווייזען זיי איהם נישט אַרויס און נעהמען אַלעם אויף ווי אַ שיקזאַלסזאַך, ווי אַ קלאַפּ פון גאָט; אבער אויך ווי גרויס זייער האַס זאָל נישט זיין געגען רוסלאַנד, פערבייסען זיי מיט די צייהן און שווייגען ביז די פּאַסענדע צייט וועט קומען.

איבער-דעם אויך קען נאָך דאָס אַטענטאַט אויף פירסט איטאַ אַרויסרופען די גרעסטע פּאָליטישע פערוויקלונגען.

# רוסלאַנד און איטאַליען.

אין די לעצטע יאָהרען, ווען די רייזען פון מאָנאַרכען און זייערע בעגעגנישען מיט איינאַנדער זענען אזוי אָפט פאָרגעקומען, האָט זעלטען אזא בעגעגניש געמאַכט אַ זאָלכען רושם, ווי דאָס לעצטע צוזאַמענקומען פון רוסישען קייזער מיט'ן איטאַליענישען קעניג אין ראַקאָנידזשי.

דער רושם איז איבערדעם אזוי גרויס, ווייל זאָוואָהל די רוסישע ווי אויך די איטאַליענישע פרעסע בעהויפּטען גאַנץ אָפען, אַז דער בעזוך איז נישט בלויז אַ העפליכקייטס-אַקט, נאָר אויך אַ פּאָליטישער שריט און זיין ציועק איז צו פעראייניגען איטאַליען און רוסלאַנד בנוגע צו די פּאָליטישע פראַגען אויף דעם באַלקאַן.

דורך יאָהרען לאַנג האָט געהערשט אַ געוויסע איינשטימיגקייט צווישען רוסלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן בנוגע צו די באַלקאַן-פראַגען. פאַריגעס יאָהר, ווען עסטרייך-אונגאַרן האָט אַנעקטירט באָסניען-הערצעגאָווינא, האָט דיעזער שריט אַרויסגערופען אַ גרויסע אויפרעגונג אין רוסלאַנד און אין איטאַליען. וועלכעס רעכענט זיך אין די לעצטע יאָהרען עבענפאַלס פאַר אַ „בר-מצרא“ צום באַלקאַן אין פאַר אַ גאַנצען מחותן דאָרט אין יענעם געגענד. ראשית איז די איטאַליענישע קעניגין אַ טאָכטער פונ'ם מאָנטענעגרינישען פירסט. והשנית זענען די אַלבאַנעזען גאַנצע ראָסען-קרובים פון די איטאַליענער עס האָט זיך דערמיט אַרויסגעשטעלט, אַז רוסלאַנד און איטאַליען פערפאָלגען דיעזעלבע ציעלע אויף דעם באַלקאַן: פון איין זייט צו פערלענגען דעם וועג דער עסטרייכישער פּאָליטיק, ז' זאָל זיך נישט מעהר אויסברייטען אין יענער

געגענד. פון דער צווייטער זייט ווילען טאַקי ביידע דאָרט אויך אָבלעקען אַ ביין, ווען נישט דורך צונעהמען פון געוויסע טעריטאָריעס, וועניגסטענס דורך אויסברייטונג פון זייער האַנדעל אין יענע פּראָווינצען.

און כדי פעסטצוזעצען אַ פּראָגראַם אין דער זאַך האָט דער צאַר אונטערנענומען דיעזע רייזע מיט אַלע איהרע סכנות און שוועריגקייטען. ער האָט אויך אבזיכטליך אויסגעמיעדען דעם עסטרייכישען באָדען, כדי צו דאָקומענטירען, אַז מיט עסטרייך-אונגאַרן איז ער ברוגז און אַז זיין רייזע קיין איטאַליען איז געריכטעט דירעקט געגען דער עסטרייכישער פּאָליטיק.

איטאַליען איז צוואַר דערווייל פערבינדען מיט עסטרייך-אונגאַרן אין דער אַליאַנץ. אבער דיעזע אַליאַנץ ענדיגט זיך אים יאָהר 1912 און געוויסע פּאָליטישע קרייזע רעכענען, אַז דעמאָלט וועט מען זי נישט בעהר ערנייערן, זונדערן איטאַליען וועט בייטרעטען צו דער אַליאַנץ מיט רוסלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד און אזוי אַרום וועט ערדרייכט ווערען דאָס ציעל, וואָס ווערד שוין אָנגעשטרעבט פון דער ענגלישער פּאָליטיק זייט יאָהרען: אַרומצוקרייזען דייטשלאַנד און עסטרייך-אונגאַרן פון אַלע זייטען, און צו הינדערן זייערע פרייע פּאָליטישע בעוועגונגען...

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטימונג אין איטאַליען איז, אַז וועהרענד אין פריהערדיגע יאָהרען פלעגט אַ גרויסער טהייל פונ'ם איטאַליענישען פאָלק פּראָטעסטירען יוהן דעם בעזוך פונ'ם צאַר אין איטאַליען און דאָס איז אויך געוועזען דער גרונד, פאַרוואָס דיעזער בעזוך האָט זיך אזוי לאַנג פערצעגערט, — זענען איצט אַלע איטאַליענישע קרייזע געוועזען איינפערשטאַנדען מיט דעם בעזוך און אפילו די סאָציאַליסטען האָבען זיך בעגנוגט מיט אַ בלויסען פּלאַטאָנישען פּראָטעסט. דאָס גאַנצע איטאַליענישע פאָלק, וועלכעס איז שטאַרק אנגענומען מיט אַ האַס געגען עסטרייך-אונגאַרן, זעהט אין דער רוסישער פריינדשאַפט אַ הילפסמיטעל געגען עסטרייך-אונגאַרן און האָפט מיט איהר הילף צו קענען אבהאַלטען די לעצטע אברעכענונג מיט דיעזען פעריהאַסטען שכן.

די איטאַליענישע מיניסטער האָבען זיך צוואַר געאיילט, מודיע צו זיין, אַז דער דרייבונד וועט אים יאָהר 1912 ווידער ערנייערט ווערען, נאָר איטאַליען וועט דעמאָלט פאַר זיך אויסבעדינגען געוויסע בעוועגונגס-פרייהייט. אָבער דאָס אַלעס איז נאָר כדי צו בערוהיגען עסטרייך-אונגאַרן.

אין אמת'ן אבער איז עסטרייך-אונגאַרן גאָר נישט בעאונרוהיגט. זיינע ציעלע אויף דעם באַלקאַן קענען די רוסיש-איטאַליענישע פריינדשאַפט נישט שטערען, ווייל עסטרייך-אונגאַרן האָט שוין פריהער ערקלערט, אַז מיט דער אַנעקסיע פון באָסניען-הערצעגאָווינא איז זיין באַלקאַן-פּאָליטיק אבגעשלאָסען און עס וויל ניך נישט מעהר

א יודישע קריעגס-קראַנקען-וואַרטערין: פרוי לעאָ-אָרע ראָזענבוים

ראַ־ט אי ספרייטען און ־ויערער ווען ס׳זאל טאקי באמת אנקומען אויף א מאכט־פ־אבע, איז זי אויך נישט אזוי געפערר־יך. עסטרייך־אונגאַ־ן בעזיטצט א מיליטער־קאנווענציע מיט רימעניען, עס שטעהט איצט אויף זעהר ניטען פוס מיט דער טירקיי און אים קריעגספאל וועגען דעם באלקאן וועט עס אפילו אהן דער הילף פון דייטשלאַנד זיך קענען בעהויפטען נעגען רוסלאַנד און איטאַליען אינאיינעם.

א־בע־דעם אויך איז די שמחה פון דער איטאַליענישער און רוסישער פ־עסע נאר פערפריהט און די וועלט ב־ויכט זיך וועגען דע־ מאנארכען־בעגעגנונג אין ראקאַ־ידזשי נישט בעזונדערס בעאונרוהיגען.



א טראגישער טוידט דורך גאז־עקספלאזיע: דער געטעדטעטע ד־רעקטאר לעאן רייטער און זיין פ־וי.

# א טראגישער טוידט דורך גאז־עקספלאזיע.

אין באַריסלאַוו איז פאַ־ינגען דיענסטאַג פאָרגעקומען אין דער וואהנונג פון דעם גרובענדירעקטאָר לעאָן ר י י ט ע ר א גאז־עקספלאזיע, וועלכע האט געפאַ־דערט עטליכע מענשליכע קרבנות.

אין דעם שלאָפצימער פון דער אונגליקליכער פאַמיליע האט זיך אנגעזאמעלט א גאנצע מענגע פון ציגרנאז, וועלכעס האט זיך אנגעצינדען דורך דעם פ־ענענדינען נאפט־עמפעל. דאס הויז, אין וועלכען רייטער האט גע־יא־נט, איז געשטאַנען אויף א טעררעין, וואו ס׳זענען ־ ־ידע־ ג־יזען קרדו־אכסגרובען. די גרובען האט מען צוואר ־ון א נ צינגעשיט, אבער די אונטער־ע־דינע גאזען האָבען זיך אנגע־אמע־ט און זענען א־יינגעדרונגען דו־ך די שפאַלטען פונ׳ם פוסבאדען אין צימער אַ־יין.

שוין א טאג פ־יהער האבען זיך אין דער וואָהנונג געציינט שפורען פון גאז־ענטצינדונג. ווען די אם פון רייטער׳ס קינד האט אין מיטען דער נאכט אנגעצינדען א ל־כט, האט זיך דאס גאז אנגעצינדען און ס׳האט זיך געהערט א שטא־קער קראך. רייטער, מיינענדיג, אַז גנבים זענען איבערגעפאלען דאס הויז, איז שנעל א־ויסגעלאָפען מיט א רעוואלווער אין דער האנד. די אם האט איהם אבער בערוהיגט, אַז דאס גאז איז שוין וויעדער פערלאָשען געוואָ־ען, רייטער האט תיכף געעפענט דאס פענסטער און דאס גאז א־ויסגע־אזט. ווען ער האט דאס אין דער פריה דערצעהלט אין דער גרובע, האט מען איהם געראטהען, ער זאל תיכף לאזען די וואהנונג דורכזוכען, אויב ס׳שטיינט נישט ערגיץ־וואו איין גאז.

אבענדס איז ער געוועזן ביי דער פאמיליע פאמע־ראנץ אויף א פערלאבונג און איז שפעט ביי נאכט א היים־געקומען, פערגעסענדיג אים גאנצען אין דער נעכטיגער עקספלאָזיע.

די צווייטע עקספלאזיע איז געשעהען נעגען 1 א זייגער ביי נאכט, פערלעצענדיג שווער רייטער׳ן, זיינע פרוי, די אם און דאס קינד. רייטער איז תיכף אם אנדערן טאג געשטאָרבען, די פרוי צוויי טעג שפעטער. אויך די אם איז דעם אַנדערען טאָג געשטאָרבען. בלויז דאס קינד מיטשעט זיך נאך — אבער אין זיין אויפקומען צווייפעלט מען זעהר.

דאס טראַגישע אונגליק האט אַרויסגערופען ביי דער גאַנצער בעפעלקערונג די גרעסטע טהיילנאַהמע. ביי דעם לייכענבעגענעניס האט זיך בעטהיילינט די גאנצע שטאָדט.

# א מיליטערישער בונט אין גריעכענלאנד.

אין דער מער־ענגע פ־ן סאלאַמיס, דארט פון וואַנען ס׳האט געפ־הרט אין גריעכענלאַנד׳ס גלאַנצצייטען די ״היילינע שטראַסע״ פון אטהען קיין עלייזיס, דעם א־ט פ־ן די עלטעסטע און עהרווירדינסטע געהיים־קולטע אין גריעכענלאַנד — אין דיזען היסטאָרישען בעריהמטען א־ט האט זיך פאַ־ינע וואך אָבגעשפיעלט אַ שטיקעל קאמישער ״מיליטערישער בונט״, און זיין פערלויף בעווייזט נאר נאך א מאל, ווי טיעף דאס בעריהמטע גריעכישע פאלק איז שוין געזינקען.

אין דער מעער־ענגע פ־ן סאלאַמיס, וואו טהעמיסטאָקלעס האט אים יאַה־ 480 פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג געפיה־ט זיין גלאָררייכע שלאכט נעגען כורש מלך פ־ס און האט זיין פלאטע פערניכטעט, איז פאַ־געקומען א קאמפף צווישען צוויי טהיילע פון דער אייגענער גריעכישער פלאטע מיט א העכסט לעכערליכען סוף.

זייט א צייט קאכט און רוישט עס אין דיעזען לאַנד. די מיליטערישע קרייזע האבען נישט געוואלט רוהיג ציקוקען, ווי אלע שכנים פון דער טירקיי בערייי



־וסלאנד אין איטאליען: דער צאר בעגריסט די קעניגין עלענא פון איטאליען.



א מיליטערישער „בונט" אין גריעכענלאנד: די אנזיכט פון סאלאמים וואו די שלאכט איז פארגעקומען.

נערן זיך אויף איהרע קאסטען. עסטרייך־אונגארן נעמט צו באסניען־הערצעגאווינא. בולגאריען ווערד וועלבסט־שטענדיג. מאנטענעגרא בעקומט א פרייען קריעגס־האפען. אפילו סערביען בעקומט הבטחות אויף ווירטשאפטליכע קאנצעסיעס — בלויז גריעכענלאנד נעהט אוים מיט לעדיגע הענד. אפילו די פעראייניגונג מיט קרעטא קען עס נישט דורכזעצען און עס העלפען נישט די פראטעקציעס פון דער קעניגליכער פאמיליע ביי די אייראפעאישע דינאסטישע הויפען...

עס האבען זיך איבערדעם געבילדעט מיליטערישע בונטען אין לאנד. דאס מיליטער האט געוואלט גלייך ווי אין דער טירקיי, איבערנעהמען די רעגיערונג אין זיינע הענד און דורכפיהרען אלעס ביד־חזקה. עס איז זיי דאס אויך געלונגען. די רעגיערונג און דער קעניג זענען געווען צו שוואך, זיך זיי א קעגען צושטעלען דער קעניג האט אנגענומען א'ע פאדערונגען פון מיליטער און מען קען זאגען, אז באמת הערשען איצט די מיליטערישע קרייזע אין גריעכענלאנד און טהון דא־ט וואס זיי געפעלט.

אבער נאך איידער עס איז די מיליטערישע קרייזע געלונגען, פראקטיש דורכצופיהרען וועלכע עס איז רעפארמען אין לאנד, האט זיך ווידער די קריעגספלאטע ערהויבען מיט טענות: היות די מיליטערישע קרייזע קימערן זיך בלויז וועגען דער לאנד־ארמעע און וועגען דער פלאטע נישט. פערלאנגען זיי געוויסע פארערונגען בנוגע צו דעם פלאט. דער פלאט־קאפיטאן טיפאלדאס האט זיך אליין ערנאנט צום מארינע־מיניסטער און אויפגעפאדערט די פלאטע צו געהארכען זיינע בעפעהלען. א טהייל פון דער פלאטע האט זיך איהם אנגעשלאסען און ער איז איינגעפאה־ען אין די מערערנגע פון סאלאמיס. וועלענדיג זיך בעמעכטיגען דעם מיליטערישען ארזענאל, וואס געפונט זיך דא־ט. כדי צו פערהאסטן אין זיינע הענד דאס דא־טיגע געוועהר.

די מיליטערישע ארגאניזאציע פון לאנד האט ארויסגעגעבען א פראקלאמאציע צו איהרע חברים אין פלאט, זיך נישט צו לאזען פערפיהרען פון טיפאלדאס. א טהייל שיפען האט אויך די פראקלאמאציעס אנגענומען. דער גריעכישער פלאט האט זיך געטהיילט אויף צוויי טהייל און באופן זה איז עס געקומען אין דער היסטאריש בעריהמטער מערערנגע פון סאלאמיס צו א „שלאכט" צווישען די ביידע טהיילען; מען האט געשאסען, באמבארדירט און געמאכט „אטאקעס" איינע אויף די אנדערע. ווי אין ווירקליכע שלאכטען.

געענדיגט האט זיך די מלחמה מיט דעם אנטלויפען פון טיפאלדאס מיט „זיין" פלאטע. די אפיציערע זענען ערגיץ־וואו אבגעשטיגען בסוד און די שיפען זענען צוריק געקומען און האבען זיך אונטערגעגעבען. בלויז טיפאלדאס מיט זיין טארפעדא־שיפעל שווימט ערגיץ ארום אויף דעם וואסער. וואהרשיינליך וועט ער אבשטיינען אין א טירקישען האפען און זיך בעהאלטען פאר דער גריעכישער רעגיערונג, וועלכער ער האט ערשט געוואלט ערטהיילען זיינע בעפעהלע.

די גאנצע זאך האט ווי מיר זעהען, געענדיגט מיט א געוויסער קאמיק. ט־אניש איז אבער די לאגע אין גריעכענלאנד ט־אטצדעם, ווען א זעלכע ערייגניסע זענען איבער־הויפט מעגליך.

# אינדישע יודען אין ניו־יארק.

אין ניו־יארקער הכנסת אורחים געפינען זיך איצט צוויי אינדישע יודען, ברידער, זיי זענען כותב דין, פערהייראט, 35 יאהר אלט, און האסאן דין, א בחור, 28 יאהר אלט. ביידע זענען פון הויכען וואוקס און פעסט געבויט. זייערע געזיכטער זענען קופער־ברוין און אונטערשיידען זיך ווייניג פון די ריכטיגע אינדיער. אויף די קעפ טראגען זיי א סאר־ט יארמולקעס. איינער פון זיי רעדט א ביסעל ענגליש. דער אנדערער רעדט נאר אינדיש.

ווי זיי דערצעהלען זענען זיי געקומען נאך ניו־יארק דורך א זאנדערבארען צופאל. אין דזשעלעם, די שטאדט וואו זיי זענען געבוירען, האבען זיי זיך בעשעפטיגט מיט פארמערייע און מיט ארבייטען אלס טאג־לוינער. לעצטענס האבען זיי געארבייט אין סינגאפאר ביים אנלאדען שיפען. דורך א פערזעהן זענען זיי געבליבען אויף א שיף צו לאנג און ווען זיי האבען געוואלט אראב האט די שיף זיך שוין געריהרט. דער קאפיטאן האט זיי צוגענומען פאר־רויהלען־ט־שענער אויף די שיף וועלכע האט זיי געבראכט אהער. דא זענען זיי ארונטער אלס שיפס ארבייטער אבער זיי דענקען שוין נישט צוריק צו פאהרען.

די אינדישע יודען זענען בעקאנט אונטער'ן נאמען „בני ישראל". זיי האבען א סך מנהגים איבערגענומען פון די אראבער צווישען וועלכע זיי האבען געוואהנט מיט הונדערטע יאהר צוריק און א סך פון די אינדיער צווישען וועלכע זיי וואהנען איצט. זיי היטען איין יום טוב: ראש השנה. יום כפור פאסטען זיי און געהען אנגעטהון אין ווייסען. זייער סידור איז אין אינדיש אבער זיי האבען ווייניג תפילות. תשעה באב און די ניין טעג האלטען זיי. צום גדליה איז ביי זיי א תענית אבער זיי ווייסען נישט די אורזאכע דערפון. פונקט ווי זיי קענען נישט ערקלעהרען די בעדייטונג פון אנדערע ימים טובים. פורים שיקען זיי זיך שלח מנות און פון פסח האלטען זיי נאר דעם ערשטען און דעם לעצטען טאג. שבעה עשר בתמוז פאסטען זיי אבער ווי ווייסען אליין נישט וואריום.

די פרויען פיהרען זיך כמעט די זעלבע ווי די אינדישע פרויען. זיי פוצען זיך אפט מיט גרויסע רינגען אין נאז. פון גט, חליצה און יבום ווייס מען ביי זיי נישט. אין גאנצען צעהלען זיי ארום 8,000 נפשות, מענער, פרויען און קינדער.

# א פרוי אלס לופט־פליער־ין.

די פרויען ווילען איבעראל מאכען די מענער קאנקורענץ, קוים געפונען די מענער א נייע געביעט, ווי זיי קענען בעווייזען זייער כח, זייער מוטה און נייטשער־שראקענהייט, — קומען די פרויען מיט א טענה: דאס קענען מיר אויך! זייט נישט קיין מיוחסים, נעמט אייך נישט איבער!

קוים איז עס געלונגען די מענשען, צו ערא־בערן די לופט. נאך איידער די לופטבאלאנען און די פליעה־מאשינען זענען נאך אים גאנצען פולקומען — קומען שוין אויך די פרויען און בעווייזען, אז אויך דארט „אויבען", אין דער הויכער לופט, דארפען זיי נישט פעהלען.

די ערשטע פרוי, וואס איז געפלויגען אין דער לופט, איז די באראנין דע לאראש, וועלכע איז פארינע וואך געפלויגען אויף א באטין־אפאראט אויף דעם פליעה־פעלד אין שאלאנס, צוריקלעגענדיג א שטרעקע פון 4 מייל אהן א שום מכשול. אליין האט זי געפיהרט דעם אפאראט. אליין אויפגעשטיגען און אליין געלאנדעט. אהן יעדע שוועריגקייט.



די ערווייגעסע אין שפאניען: דער נייער מיניסטערפרעזידענט מאורעט.



א פרוי אלס לופטפליהערין: באראנין דע לאראש.

# אבגעברענט א מיהל אין בוטשאטש.

אם 26 אקטאבער, 2 א זייגער נאכמיטאג, איז אין דער נ־אף פאטאצקי׳שען דאמפף־מיהל אין בוטשאטש אויסגעבראכען א שרעקליכע ש־פה, דורך וועלכער די גאנצע מיהל מיט אלע געבענגעב־דע און איינריכטונגען זענען קאמפלעט פערברענט געווארען.

עבענזא אלע מאגאזינען און די איינגעלאגערטע תבואות.

דער שאדען בעטרעגט בערך א האלבע מיליאן קראנען, איבער 50 פאמיליעס פערליר׳ען זייער פ־נסה. אויך האבען פיעל קויפלייטע, וואס זייערע תבואות זענען נישט געווען אסעקוריר־ט, ערליטען גרויסען שאדען.



אבגעברענט די מיהל אין בוטשאטש; דאס מיהל־געביירע נאך דער שרפה.

# א יודישע קריעגס־קראנקענווערטעריז.

אין האמבורג איז פאריגע וואך געשטארבען די פרוי לענא־א ראזענבוים, וועלכע האט זיך אים קריעגסיאהר 1870/1 בעזונדערס אויסגעצייכנעט אלס ווערטעריז פון די קריעגס־פערוואונדעטע. קאיזער ווילהעלם I. האט זי דעמילט מכבד געווען מיט דער קריעגסדענקמינצע און מיט א בעזונדערער מעראליע.

אויך בכלל איז די פערשטארבענע געוועזן זעהר וואהלטהעטיג און א שטיצע פון אלע וואהלטהעטיגע אונטערנעהמונגען.

# די פליעה־וואך אין ציריך.

די ערא בערונג פון דער לופט איז שוין אויף אזוי ווייט געדייכט, אז עס ווערען שוין אבגעהאלטען יאגעגנישען פון לופט־באלאנס און פליעה־מאשינען אין דער לופט.

פאר א קורצער צייט איז פארגעקומען די פליעהוואך אין רהיימס. דערנאך אין בערלין, אין דיעזע ביידע האבען זיך הויפטזעכליך בעטהייליגט פליעה־מאשינען און פליעה־אפאראטע, מיט גרויסען ערפאלג.

פאר צוויי וואכען איז אבגעהאלטען געווארען אין ציריך (שווייץ) א פליעה־וואך פון לופטבאלאנס. 20 באלאנס זענען מיט א מאל אויפגעשטיגען אומבריוזט פון דעם גרעסטען ענטהוזיאזם פונ׳ם פובליקום, וואס איז זיך צוזאמענגעפאהרען דארטהין פון אלע לענדער.

עס איז געווען א העררליכער אנבליק צו [illegible] די 20 באלאנס שוועבען מיט אמאל אין דער לופט. ווערענדיג וואס א מאל קלענער און קלענער פאר די אויגען פון די צושויער, ביז זיי זענען אים גאנצען פערשוואונדען געווארען.

די מייסטע באלאנס זענען געלאנדעט אויך אין עסטערייך, אין בעהמען, מעהרען און שלעזיען.

איינער פון די באלאנס איז געפלויגען ביז קיין רוסיש־פוילען, וואו ער איז געלאנדעט אין דער געגענד פון אסט־אלענקא.

דיעזע ווייטע נסיעות האבען אלע באלאנס דורכגעמאכט אהן שום מכשול און דער ערפאלג פון דער פליעה־וואך איז געוועזן גאר גרויסארטיג.

# א מיניסטער דראהט מיט רעוואלוציע.



מיניסטער דראהט מיט א רעוואלוציע: דער ענגליש[illegible] האנדעל׳ס־מיניסטער ללאיד דזאורש.

זייט א לענגערער צייט הערשט אין ענגלאנד א פאליטישע קריזע אין דער אינערער פאליטיק.

אים פערגאנגענען יאהרהונדערט איז די דארטיגע פאליטישע לאגע געוועזן א זעלבע, אז די ליבעראלע און די קאנסערוואטיווע פארטיי פלעגען זיך געגענזייטיג אבלעזען, נאך יעדע וואהלען צום פארלאמענט פלעגט ארויסקומען אנ׳אנדערע מאיאריטעט. האבען געהערשט די קאנזערוואטיווען, פלעגען די ליבעראלען זיעגען ביי די וואהלען און פערנעהמען זייער שטעלע, האבען וויעדער געהערשט די ליבע־אלען, פלעגען די קאנזערוואטיווען זיעגען און זיך ארויפהאפען אויפ׳ן בענקיל.

אין די לעצטע יאהרען האט זיך דאס געענדערט. דורך א צייט לאנג האבען געהערשט די קאנזערוואטיווען און עטליכע מאל זענען פארגעקומען וואהלען, ביי וועלכע זיי האבען כסדר געזיעגט. ערשט מיט שווערער מיה איז עס פאר א פאר יאהר געלונגען די ליבעראלען, וויעדער צו בעקומען די רעגיערונג אין זייערע הענד. זיי האבען אבער בלויז אין דעם אונטערהויז די מאיאריטעט. דאנגעגען אים אבערהויז, אים הייז פון די לארדס, דא־ט וואו ס׳זיצען די פערטרעטער פון העכסטען ענגלישען אדעל, בילדען די קאנזערוואטיווען דאס רוב.

אזוי ווי די ליבעראלען האבען ביי די לעצטע וואהלען געזיעגט נאר א דאנק דער אונטערשטיצונג פון דער ארבייטער־פארטיי, וועלכע איז אויך איצט פערטרעטען אין דער רעגיערונג דורך א מיניסטער, זענען די ליבעראלען געצוואונגען, דורכצופיהרען עטליכע וויכטיגע ליבעראלע געזעצע. דאס שמעקט נאטירליך נישט די קאנסערוואטיווע און זעהענדיג, אז זיי זענען צו שוואך, די ליבעראלען צו פערדרענגען ביי נייע וואהלען, האבען זיי זיך גענומען צו א נייעם פא־שטעל: דאס אבערהויז וויל דער איצטיגער רעגיערונג בשום אופן נישט בעווילינגען דאס בודשעט. ס׳העלפט דאס פערזעגליכע זיך־אריינמישען פון קעניג און זיינע אנשטרענגונגען, הערבייצופיהרען א שלום; ס׳העלפען נישט אלע רעדעס פון די מיניסטער — די קאנזערוואטיווע לא־ד׳ס ווילען נישט אבטרעטען פון זייער עקשנות.

דיעזע שווערע סיטואציע האט אבער ארויסגערופען א שטארקע בעוועגונג אין ענגלאנד. די ליבעראלע קרייזע שרייען, אז דאס גאנצע אבערהויז איז אין איצטיגע צייטען נישט נויטהיג און מען בעדארף זיך אים גאנצען אבשאפען. דיעזער בעוועגונג האט זיך אנגעשלאסען אויך דער האנדעלס־מיניסטער ללאיד־שארש, וועלכער האט געהאלטען אויף א פערזאמלונג אין ניו־קאסטעל א שארפע רעדע געגען די לארד׳ס און זיי געדראהט מיט א רעוואלוציע, אויב זיי וועלען נישט אויפגעבען דאס עקשנות.

ווי מערקווירדיג די דראהונג מיט א רעוואלוציע זאל זיך נישט אויסנעהמען אין א רעדע פון א אקטיווען מיניסטער, האט זי דאך געווירקט: די ענגלישע לארד׳ס האבען בעקומען אנגסט און ס׳זעהט אוס [illegible]ז זיי וועלען איצט שוין נאכגעבען און בעווילינגען דאס בודשעט.

די גאנצע בעוועגונג געגען די לארד׳ס וועט זיך זיכער איצט, נאכדעם ווי די רעגיערונג האט זי כשר געמאכט, נישט מעהר אויפהערען. די פראגע פון אבשאפען דאס ענגלישע אבערהויז וועט אין ענגלאנד נישט מעהר פערשווינדען פון דער טאגעסארדנונג. די פער׳עקשנ׳טע לא־ד׳ס האבען זיך אליין גוט אונטערגעהייצט.

# נייע מיליטערישע איבונגען.

די דייטשע ארמעע שטעהט זייט יאהרען אויף דער העכסטער מדרגה פון דער מיליטערישער ענטוויקלונג. דאס זענען מודה אפילו די געגנער פון דייטשלאנד אום אויסלאנד. דער דייטשע סאלדאט, פון דער נאטור אוים אינטעליגענט און געשיקט, ערלערנט שנעלער פון אנדערע דעם עקסערציער. ער איינגעט זיך שנעל אן אלע מיליטערישע געשיקליכקייטען און [illegible] איז איבערדעם פיעל טיכטיגער אין פערלעסליכער פון די זאלדאטען אין אנדערע ארמעען.

אויך די דיסציפלין ביי דער דייטשער ארמעע איז פיעל שטארקער ווי איבעראל און בכלל הערשט דארט מעהר ארדנונג, ווי, למשל, אין פראנקרייך אדער איטאליען.

איצט איז דארט איינגעפיהרט געווארען א נייע מיליטערישע איבונג: צו שפ־ינגען איבער עטליכע מעטערהויכע געגענשטענדע, למשל א וואגען היי, א הויז וכדומה.

די טירקען אין וויען: עטליכע מיטגליעדער פון טירקישען פארלאמענט, וואס וויילען איצט אין וויען.

אין ווי שווער דיעזע איבונג זאל נישט זיין, איז עס שוין נעלונגען, א געוויסען טהייל פון דער ארמעע דאצו צו געוועהנען און זיי ערררייכען דיעזע קונסט אהן א שום מכשול.

ווי וויכטיג דיעזע פערטינקייט אים שפרינגען איז פאר'ן זאלדאט, בעזונדערס אים ערנסט-פאל ביים קריעג, ברויכט נישט ערשט בעזונדער'ס ערקלערט צו ווערען. וואהרשיינליך וועט דיעזע נייע איבונג באלד איינגעפיהרט ווערען נאך אין אנדערע לענדער.

# די טירקען אין וויען.

„די טירקען פאר וויען" איז א קאפיטעל אין דער וועלט-געשיכטע. עטליכע מאל האבען זיך די טירקישע ארמעען אין זייער עראבערונגס-צוג אין אייראפא פאר-געדרענגט ביז פאר די טהויערן פון וויען. ערשט דא איז געבראכען געווארען זייער מאכט. צום לעצטען מאל מיט דער הילף פון דעם פוילישען קעניג יאהאן סאביעסקי.

אין די לעצטע טעג זענען די טירקען וויעדער געקומען קיין וויען, אבער נישט אלס ווילדע הארדען מיט פייער און שווערד, אלס פלינדערער און מארד-ברעכער, — נאר אלס פריינד און חשוב'ע געסט.

עטליכע הונדערט טירקישע אבגעארדנעטע, מילי-טער, קויפלייטע, בעאמטע עטצ. זענען אין די לעצטע טעג געקומען קיין וויען אויף א בעזוך, וואו זיי זענען עמפפאנגען געווארען בכבוד גדול. ווען מען דערמאנט, אז היינט א יאהר האט אין דער טירקיי געהערשט דער שרעקליכסטער באיקאט געגען עסטרייך וועגען דער אנעקסי'ע פון באסניען און הערצעגאווינא, מוז מען מודה זיין, אז עס איז געווען זעהר א גוטער שריט פון דער עסטרייכישער דיפלאמאטיע, זיך מיט דער טירקיי איבערצובעטען און איהר צו צאהלען פאר איהרע שטאאטס-גיטער אין באסניען 56 מיליאן פראנקס, דא-מיט איז נישט בלויז דאס פאליטישע פערהעלטניס צווי-שען דיעזע ביידע שכנים וויעדער פריינדליך געווארען, נאר אויך די עקאנאמישע און ווירטשאפטליכע פער-העלטניסע און דער עסטרייכישער האנדעל וועט ווייטער קענען בעהויפטען זיין אבזאץ-געביעט קיין טירקיי צום טראטץ פון די ענגלענדער און איטאליענער, וואס האבען געוואלט אויסנוצען דעם באיקאט, כדי דעם עסטרייכישען האנדעל פון דארט צו פערדרענגען.

די בעגריסונג פון די טירקישע געסט איז גע-שעהן מיט גרויס פאראד. אויף דעם באהנהויף האבען זיי אבגעווארט דער בירגערמייסטער דר. לועגער, דער האנדעלסמיניסטער, דער פרעזידענט פון דער וויענער האנדעלסקאמער, דער לאנדעסמארשאל, פערטרעטער פון דער רעגיערונג, פון אלע הויכע בעהערדען, פון די פער-שיעדענע קארפאראציעס עטצ. עטצ.

עס זענען געהאלטען געווארען ווארמע בעגריי-סונגס רעדען און עס האט געמאכט א געהאלטענען איינ-דרוק, ווען א עסטרייכישער און א טירקישער אפיציער האבען זיך עפענטליך ארומגענומען און געקושט.

די טירקען ווערען בעהאנדעלט אלס געסט פון דער שטאדט וויען. טעגליך ווערען צו זייער עהרע פער-אנשטאלטעט פעסטע און סעודות. פאראדנע פארשטע-לונגען אים טהעאטער וכדומה. מען פיהרט זי ארום איבער דער שטאדט און מען ווייזט זיי אלע זעהענס-ווירדיגקייטען. בעזונדערס פייערליכע אבענדע האבען פעראנשטאלטעט: דער פרעזידענט פון דער האנדעלס-קאמער, דער האנדעלסמיניסטער, דער לאנדמארשאל און דער בירגערמייסטער.

ביי אלע דיעזע סעודות זענען געהאלטען געווא-רען די ווארמסטע רעדעס. מען האט געטרונקען אויף דעם וואהל פון עסטרייכישען קאיזער און פון'ם סולטאן און „לחיים" פון דער עסטרייכיש-טירקישער פריינד-שאפט.

זאנטאג איז אויך א דעפוטאציע פון די טירקען ערשיענען אין אודיענץ ביים קאיזער.

די טירקען זענען פון זייער אויפענטהאלט שטארק צופריעדען, און דיעזער בעזוך האט א גרויסע פאליטישע און ווירטשאפטליכע בעדייטונג.

# בלעריאה'ס פליעה-אפאראט.

דער גרויסע ערפאלג, וועלכען בלעריאט האט פאריגע וואך ערהייכט מיט זיין פליעה-אפאראט אין וויען און אין בודאפעסט, פעראינטערעסירט די גאנצע וועלט מיט דיעזען וואונדערבארען אפאראט און מיט זיינע גרויסארטיגע לייסטונגען.

דער נישט-פאכמאן פרעגט די שאלה: ווי קען ריעדער שווערער אפאראט, וועלכער איז דאך פיעל שווערער פון דער לופט, זיך פריישוועבענד האלטען אין דער לופט? דער אמת איז, אז אויך א שווערער קערפער קען זיך אויפהייבען, ווען ער בעזיצט נאר א אויפטריעב וואס איז שטערקער ווי די נאך הינטען ציהענדע שווערקראפט און דאס ווערד ערררייכט דורך די פליגעל פון דעם פליעה-אפאראט, וועלכע ערציינען אנ'ארט קינסטליכען ווינד אונטער'ן אפאראט און הייבען איהם אין די לופט. די קראפט פון דעם אפאראט און זיין יודערשטאנדס-פעהיג-קייט, ווי אויך זיין שנעלינקייט און אויסדויער הענגט אב פון דער קראפט, מיט וועלכער די פראפעלער ווערען בעטריעבען, איבערדעם אויך מוז דער פליעה-אפאראט א גרויסע שטרעקע ציערשט ארומפאהרען אויף ערדבא-דען, ביז דער ווינד וואס די פראפעלער ערציינען, איז שטארק גענוג, איהם אויפצוהייבען.

אויף דעם בלעריאה'שען אפאראט, וואס מיר ברענגען זיין בילד אין היינטיגער נומער, זענען די איינ-צעלנע טהיילע בעצייכנעט מיט לאטייניש בוכשטאבען A ביז H. מיט A ווערד בעצייכנעט די טראגפלעכע, מיט B די פראפעלער, מיט C דער דריי-צילינדער מאטאר, מיט D די זייטענשטייער, מיט E די העהענשטייער, מיט F דער זיץ פון דעם פליעהער, מיט G דער בענזין-רעזערוואר און מיט H דאס לענקראד. דער מאטאר טרייבט די פראפעלער מיט זיין גאנצער קראפט, זיי ער-ציינען דעם נויטהיגען ווינד, וועהרענד אויבען זיצט דער פליעהער און בעוועגט די שטייער, אזוי, אז ער קען פליעהען ווי הויך ער וויל און אין וועלכער ריכטונג ער וויל.

דער בלעריאה'שע פליעה-אפאראט איז אים גאנצען געבוי ט פון אייבענהאלץ-שטיקלעך, וועלכע ווערען צוזאמענ-געהאלטען מיט אלומיניום-ווינקלען. זיין לענג בעלויפט זיך אויף $7^1/_2$ מעטער, די ברייטע אין דער מיט $8^1/_2$ מעטער, אים גאנצען בעזיצט ער א אויסמאס פון 14 קוואדראט-מעטער. זיין געוויכט אהן דעם פליעהער איז 210 קילאגראם. די הערשטעלונגס-קאסטען בעלויפען זיך אויף העכסטענס 12,000 פראנק. ער איז איבערדעם פיעל בילינער ווי דער איינפאכער לופטבאלאן.

דער בלעריאה'שע אפאראט איז איינגעריכטעט בלויז פאר איין פערזאן, ער האט אבער אויך שוין איינגעריכטעט א אפאראט פאר 3—2 פערזאן.

נישט אלע פליעה-אפאראטע זענען גלייך. עס גיבט טהייערערע און שווערערע. לעת-עתה האט זיך דער בלעריאה'שע אם בעסטען בעוועהרט.

דער בלעריאה'שע פליעה-אפאראט.

# דאס 25־יעהריגע יובילעאום פון דער ציוניסטישער קאנפערענץ אין קאטאוויץ.

זאנטאג, דען 7 נאָוועמבער ווערד 25 יאָהר זייט דער ערשטער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין קאַטאָוויץ.

די 36 יודישע כלל־טהוער, וואָס האָבען זיך רעמילט, אין די טעג פונ׳ם 6 ביז 11 נאוועמבער פערזאַמעלט אין קאטאוויץ, כדי פעסטצושטעלען א פּ־אנ־אָם פאַר דער א־בייט אין ארץ־ישראל, האָבען אפשר אליין נישט געאַהנט, אז 25 יאָהר שפּעטער וועלען זיך געפינען הונדערטטויזענדער יודען, וואָס וועלען פייערן דאס יובילעאום פון דער קאָנפערענץ אלס א גרויסען נאַציאָנאַלען יום טוב. — זיי האבען אפשר נאך נישט געחלום ט, אז קוים א צעהנדליגג יאהר שפּעטער וועלען אין באַזעל צוזאַמענקומען די גרויסע ציוניסטי׳שע קאנגרעסען, בעשיקט פון די יודען אין דער גאנצער וועלט. — ווי האבען אפשר נאך נישט געהאַפט, אז 25 יאהר שפּעטער וועט דאָס יודישע פאלק בעזיצען זיין אייגענעם נאציאנאל־פאנד, זיין קאלאָניאַל־באנק, זיינע 30 קאלאניעס אין א־ץ־ישראל, זיין נאַציאָנאַלע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע, וועלכע נעמט א־ום די יודען פון אלע לענדער.

אבער דאס אלעס שמעלערט נישט זייער פערדיענסט. די קאטאָוויצער קאנפערענץ בעדאַרף בעטראַכטעט ווערען פאַר דעם גרונדשטיין פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאציע, פאַר דעם אבן־הפנה פון דעם גרויסען הערליכען נאַציאָנאַלען בנין, וועלכען די היינטיגע ציוניסטישע אָרגאַניזאציע וויל ערריכטען אין דעם היילינגען לאנד פון אונזערע אבות — און אין דער געשיכטע פון דער מאדערנער ציוניסטישער בעוועגונג וועט די קאַטאָוויצער קאָנפערענץ פערנעהמען א בלאַט פול עהרע און רוהם.

צום ערשטען מאל זענען דעמו׳לט צוזאַמענגעקומען מענער פון פער־שי־ענע ־יי־טאַנשוי־אונגען, דער שטרענגגלייביגער הרב הגאון ר׳ שמואל מאָהליווער זצ״ל מיט דעם פּאַרטעַשריטענען דר. לעאָן פינסקער או. ז. וו. און האבען זיך גערייכט די הענד צו א געמיינזאַמער אַ־בייט לטובה פון דעם יודישען פאָלק; צום ערשטען מאל איז דעמילט אויסגע־שפּ־אכען געוואָרען דער געדאנק, אז דאָס יודישע פאלק האט נישט בלויז א גלאררייכע נאציאנאלע פערגאַנגענהייט, נאָר אויך א שענע נאציאָנאַלע צוקונפט; צום ערשטען מאל זענען דעמילט געהערט געוואָרען די ווערטער פון נאַציאָנאַלער בעפרייאונג, פון אויטע־עמאַנציפּאציע, פון דער ווידער־בעלעבונג פונ׳ם יודישען פאלק.

זי״, די קאטאָוויצער קאָנפערענץ־טהיילנעהמער, זענען געווען די חלוצים־הראשונים פון דער יונג־יודישער בעוועגונג. דאס אנדענקען פון די אינצווישען ליידער פערשטארבענע ראַ־ף ווערען געעהרט ווי דאס אנדענ־קען פון נאַציאָנאַלע גבורים, פון פאָלקס־העלדען, וואָס האבען אלס די ע־שטע בעטרעטען דעם ־יבטינען וועג. די־עניגע קאנפערענץ־טהיילנעה־מער אבער, וואס האבען נאך די זכיה צו ערלעבען דיזען יובילעאום־יום־טוב, מעגען זיך שעצען גליקליך צו זעהען די פירות פון זייער אַרבייט. ווי דער יונגער בוים, וואָס זיי האָבען דעמילט געפלאנצט, איז אויסגעוואַקסען, האָט זיך אויסגעבריי־ט, ער בליהט און געדייהט צום גליק און כבוד פון יודישען פאלק.

* *

די קאָנפערענץ, אין וועלכער ס׳האָבען טהיילגענומען 36 מיטגליע־דער, האט זיך געעפענט אם 6 נאָוועמבער 1884 (י״ח חשון תרמ״ה). איהר צוועק איז געווען, צו פעראייניגען אלע חובבי־ציון, וואס זענען געווען צע־שפּ־ייט אין פערשיעדענע געגענדען, צו א געמיינזאמע אָרגאַניזאציע און אונטערצושטיצען די יודישע קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל, וועלכע האט זיך דעמילט ערשט אנגעהויבען צו ענטוויקלען.

אלס פּאָרזיצענדער איז געוועהלט געוואָרען דר. לעאָן פינסקער פון אדעס (געבוירען 1821, געשטאָ־בען 1891), וועלכער איז שוין צוויי יאהר פריהער, תיכף נאך די ערשטע פּאָנ־אָמען אין רוסלאנד, אַרויסגע־טרעטען מיט זיין בראָשורע „אויטא־עמאנציפאציע“, אין וועלכער ער האט אלס ערשטער אויסגעשפּראָכען דעם געדאנק פון ווידערבעלעבונג פונ׳ם יודישען פאָלק אין דעם היילינגען לאנד פון זיינע אבות.

אַלטערספרעזידענט איז געווען דער ביאַליסטאקער רב הרב הגאון ר׳ שמואל מאָהליוועָר זצ״ל (געבוירען כ״ז ניסן תקפ״ד, נפטר געוואָרען י״ט סיון תרנ״ט), וועלכער איז אויך געווען דער איניציאַטאָר און איינ־בערופער פון דער גאנצער קאָנפערענץ. זיין ערעפנונגס־רעדע, אין וועלכער ער האָט געשט־אבען פון די „סע־ט־וקענטע און ווידער צו בעלעבענדע ביינער“, האָט געמאַכט א געוואַלטיגען איינדרוק אויף אלע אנוועזענדע.

דאס הויפט רעפעראט האט געהאַלטען דר. לעאָן פינסקער, וועלכער האט ערקלערט, אז [illegible] ברויכט די יודען ווידער צוריקצופיהרען צו דער לאנדווירטהשאפט און צו פע־דערן די קאלאָניזאציע אין ארץ־ישראל. ער עמפּפעהלט צו בילדען אין אלע לענדער „חובבי־ציון“ פעראיינע לויט דעם מוסטער פון די רוסישע חברות.

די הויפטאויפגאבע פון דער נייער אָרגאַניזאַציע זענען בעשטימט געוואָ־ען אויף פאָלגענדע 4 יסודות:

1) בעפעסטיגונג פון נאַציאָנאַלען געדאנק ביי די יודען.

2) פערדע־ונג פון דער קאָלאָניזאציע אין ארץ־ישראל און אין זיינע נאכבאר־לענדער דורך גרינדונג פון נייע און אונטערשטיצונג פון די שוין עקסיסטירענדע קאלאניעס.

3) פערברייטונג פון דעם העברעאישען אלס נאציאָנאלשפּראַכע.

4) מאָראלישע, גייסטיגע און ווירטשאַפטליכע העבונג פון דעם יודישען פאָלק.

די קאָנפערענץ איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אים לאקאל פון דער „קאָנקאָרדיא“־בני־ברית־לאזשע אין קאטאוויטץ און איז אָבגעלאָפען אין דער גרעסטער ארדנונג. די בעראטהונגען האבען געדויערט א גאנצע וואָך. [illegible] איז בעשלאָסען געוואָ־ען צו ובוועגציאָנירען די קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל, און די וואהל פון א פּראוויזאָריש 13־גליעדריגעם קאָמיטע מיט׳ן זיץ אין בע־לין. דאסזעלבע זאָל זיך בעפאַסען מיט פאָלגענדע ענינים:

1) פערוואלטונג פון די איינלויפענדע געלדער;

2) פּ־יפונג און ערלעדיגונג פון די פעטיציעס וועגען אונטערשטי־צונג, וואס קומען פון די קאָלאָניעס;

3) אויסאַרבייטונג פון די שטאַטוטען פון א צענטראַל־פערבאַנד;

4) צו ערווירקען די אנערקענונג פונ׳ם פערבאַנד דורך די רוסישע רעגיערונג;

5) צו שיקען דעלעגאַטען קיין קאנסטאַנטינאפעל צו פועל׳ן ביים סולטאַן ערלויבניש פאַר די גרינ־דונג פון יודישע קאלאָניעס אין ארץ־ישראל.

מען זעהט דאָס, אז די קאַטאָוויצער קאָנפערענץ האט שוין תיכף פונ׳ם ערשטען מאמענט איינגעזעהן איהר אייגענע ריכטונג און קלאר און איבערצייגט ווי זי בעט־אַכטעט זיך אלס דער פונדאַמענט פון דער היינטיגער ציוניסטישער אָ־גאניזאַציע.

אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט זענען געוועהלט געוואָרען: קאַלישער, וואלרויך, צייטלין, קליוואַנסקי, שאַץ, מאַס, רייכעס, מירקין, דר. דריבינאָ־וויטש, דר. פינסקער, באנקיר האָצהיימער, וויסאָצקי, מאָזעס, פירן, חאנעלעס, הרה״ג מאָהליוועָר, שאַלט, גינצבורג, בערנשטיין, זיגמונד זימעל.

דער ערפאלג פון דער קאָנפערענץ איז נישט אבצו־לייקענען. ערשט נאך איהר האט דער ציוניסטישער אידעאל אנגע־הויבען צו ענטוויקלען, עס הייבען זיך צו ערשיינען ציוניסטישע בלעטער, ס׳זענען געבילדעט געוואָרען ציוניסטישע חברות און דער נאַציאָנאַלער גע־דאַנק איז פערשפּרייט געוואָרען צווישען דעם כלל־ישראל.

*

צום אנדענקען פון דער קאָנפערענץ וועט קומענדען זאָנטאג, דען 7 נאָוועמבער, שטאַטפינדען אין קאטאוויץ א יובילעאום־יום־טוב.

### דאס פּ־אגראם פון דעם יובילעאום־יום־טוב אין קאַטאָוויץ.

צום יובילעאום־יום־טוב וועלען ספּעציעל קומען קיין קאַטאָוויץ דעלעגאַטען פון פערשיעדענע חברות. דעפּוטאַציעס פון נאָהענטע שטעדט און פיעל געסט.

צווישען אנדערע וועט אויך זיין דער פאָרזיצענדער פון ציוניסטישען אַקציאָנס־קאָמיטעט ה׳ דוד וואָלפזאָ־ן און א פאַ־שטעהער פונ׳ם אדעסער פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט.

אלס פאָרשטעהער פון עסט־ײך וועט זיין דער מיטגליעד פון עסט־רייכישען פּאַ־לאַמענט אראלף שטאַנד.

אין דעם סייער וועלען אויך אנטייל נעהמען מוזיקאַלישע פעראיינען אונטער דער אנפיהרונג פון אָבער־קאַנטאָר זינגער.

די סייער וועט צוטיילט ווערען אויף איינ׳גע אָבטיילונגען לויט פאָל־גענדען־פּראָגראם:

**10 א זייגער אין דער פריה**
**וועט אין ויצונג־זאַאַל פון דער אָרטיגער יודישער געמיינדע פאָרקומען**
**א פעסט־זיצונג.**

פּראָגראם:

1) ערעפנונגס־רעדע פון פאָרזיצענדען פון דעם ציוניסטישען פער־באַנד פון אָבערשלעזיען ה׳ ארנאלד וויענער.

2) א רעדע פון פּרעזידענט פון אקציאָנס־קאָמיטעט פון דער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע ה׳ דוד וואָלפזאָהן.

3) א רעדע פון דעלעגאַט פון אָדעסער פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט.

4) בעגריסונגען פון דעפּוטאַציעס.

5) א פעסט־פאָרלעזונג פון ד״ר אהרן סאנדלער — ברעסלוי מיט׳ן נאָמען: „די היסטאָרישע בעדייטונג פון דעם קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָהרן“.

פאַר און נאך דער זיצונג וועט פאָרקומען געזאַנג און מוזיק־פּאָר־טראָגען.

*

**צוויי א זייגער נאָכמיטאָג וועט פאָרקומען**
**א פעסט־מיטאָג.**
**האַלב 6 נאך מיטאָג וועט פאָרקומען**
**אָנ׳עפענטליכע פערזאַמלונג.**

פּ־אָגראם:

1) א רעדע פון דעם פּרעזידענט פון אַקציאָנס־קאָמיטעט ה׳ דוד וואלפזאהן.

2) א רעפעראט פון ד״ר טהאָן פון קראקוי איבער דאס טהעמא: „פון קאַטאָוויץ ביז באַזעל“.

3) א רעפע־אַט פ״ן ד״ר וויטקאָווסקי פ״ן בערלין איבער דאָס טהעמא: „דער ציוניזם און די דייטשע יודען“.

4) א רעדע פון דעפּוטאַט פון וויענער פּאַ־לאַמענט ה׳ אראלף שטאַנד.

*

**9 א ויינער אין אווענר וועט פאָרקומען**
**א פעסט־אווענד.**

דאס פּראגראם פון אווענר איז:

1) פערוויילונגען, 2) לעבעדיגע בילדער און יודישער געשיכטע און פון ארץ־ישראל־לעבען און 3) א באַזאַר. וואו עס וועלען פערקויפט ווע־רען פערשיעדענע זאַכען פון דער ירושלים׳ער קונסט־שולע „בצלאל“, ווי אויך פּראָדוקטען פ״ן ארץ־ישראל.

---

די אָדעסער „חברה פאַר ישוב א״ץ־ישראל“ האט פּונאנדער געשיקט פאָלגענדען אויפרוף:

„דעם 18־טען חשון תר״ע וועט ווערען 25 יאהר, זינט עס איז פאָרגעקומען די ערשטע פערזאמלונג פון די „חובבי ציון“ אין קאַטאָוויץ, אין וועלכער עס האָבען טיילגענומען דר. פינסקער, דוד גאָרדאָן, הר״ג ר׳ ש. מאָהילעווער און פיעל אנדערע, צנועות׳דיג און שטיל איז פאָרגעקומען די דערמאָלדיגע אסיפה, אָבער איהר בעדייטונג פאַר אונזער נאַציאָנאַלער בעוועגונג איז געווען זעהר א גרויסע: דער רעיון פון אויפלעבונג איז דער־מאלם געווען נאר א אידעאל פאר געצעהלטע מענשען, אהן א פּאָרם, אהן א מאַטעריעלער פערקערפּערונג. די צעזואַרפענע קרעסטען פון די ער־שטע חובבי ציון האבען פאַר זיך נישט געזעהען קיין רעאַלע אַרבייט בכלל און בפרט קיין סיסטעמאַטישע נאַציאָנאַלע אַ־בייט, ווייל עס האט געפעהלט א צענטער פאַר אזא אַרבייט. וואו די אלע כחות זאָלען זיך קאָנען פעראייניגען. און אזא צענטער האט געשאַפען די ערשטע פער־זאמלונג אין קאטאוויץ, דער אָדעסער קאָמיטעט, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר תר״ן, איז געווען דאס ערשט געבאָרענע קינד פון דער אסיפה. דורכ׳ן קאמיטעט האט זיך אונזער נאַציאָנאַלע בעוועגונג געשטעלט אויפ׳ן ריכטיגען וועג פון רעאַלער פאָלקסאַרבייט. די קאטאָוויצער אסיפה איז דעריבער דאס ערשטע קע־נדעל. וואס פ״ן איהר האט אָנגעהויבען צו שפּ־אצען אונזער נאציאנאלער געדאנקען און האט געגעבען שענע פרוכטען אין דער ענטוויקלונגס־עפּאָכע פון די לעצטע 25 יאהר. דער קאָמיטעט רע־עגנט דערפאר פאר זיין היילינגען חוב פארצילענען זיינע חברים, אומעדום צו מאכען אנ׳אנדענקונג דער ערשטער פערזאמלונג אין קאטאוויץ און צו עהרען דעם קומענדען 22 חשון ווען די אסיפה איז געשלאסען געוואָרען אויף אזא אופן:

א) אין די שולען דאַרפען געמאַכט ווערען אזכרות פאַר די גרויסע חובבים, וואס זענען אין דעם משך נסתר־ געוואָרען, און דערונטער די, וועלכע האבען טיילגענומען אין דער פערזאמלונג און בעזונדערס דער ד״ר ר׳ יהודה ליב פינסקער, וועלכער איז געווען פאָרזיצענדער.

ב) עס דאַרפען געהאַלטען ווערען רעדען אין אנגעוויזען ווערען די בעדייטונג פונ׳ם טאג פאַר׳ן ישוב ארץ־ישראל.

ג) קלייבען נדבות פאַר׳ן פאנד פון ד״ר פינסקער פאַר קינדער־ער־ציהונג אין ארץ ישראל, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען דורכ׳ן אָדעסער קאמיטעט“.

---

די טיילנעהמער אין דער קאטאוויצער קאָנפערענץ:

ערשטע אויבערע רייהע (פון רעכטס אויף לינקס): מירקין (פּאלטאווא), פינעס (ראזאנא), פייטהאל (קאטאוויץ), ריטענבערג (ווארשא), מאזעס (קאטאוויץ), פריידענבערג (ביאליסטאק), פריעדלענדער (קאטאוויץ).

צווייטע מיטלערע רייהע: לעבינגער (קאטאוויץ), דודזוהן (ווארשא), מאירזוהן (ווארשא), וואלרויך (לאָדז), לונטץ (רינא), דריבינאָוויטש (ראסטאוו אם דאָן), שאלט (רינא), דר. יאשינאָווסקי (ווארשא), דר. האזאנאָוויץ (ביאליסטאק), פ. ראבינאוויטש (ווארשא).

דריטע אונטערע רייהע: דייכעס (כארקאוו), דר. ראבינאוויטש (פאריז), אלכסנדר צעדערבוים (סט. פעטערבורג), ראבינער פריעדמאַן (קארלין), דר. לעאן פינסקער (אָדעסא), הרב ר׳ שמואל מאָהיליווער (ביאליסטאָק), דוד גארדאן (ליק), קלעוואנסקי (רינא), ק. וו. וויסאצקי (מאָסקווי).

L. MIKURA

# די יודישע וועלט.

## א עלילת־דם.

אין יאהר 1907 איז אין טאראשצא (רוסלאנד) פאר פסח פערפאלען געווארען א קינד ביי א קריסטליכען אנגעזעהענעם כלל־טהוער, קירילא שמאטאוו. פינף טעג נאכנאנד האט מען דאס קינד געזוכט, און ענדליך האבען פישער איהם געפונען אין טייך. די אויספארשונג האט דערוויזען, אז דאס קינד האט מען פריהער דער'הרג'עט און ערשט דער'נאך אריינגעווארפען אין טייך. עס האבען זיך באלד געפונען מענשען, וועלכע האבען ארויסגעבראכט א קלאנג, אז יודען האבען דאס קינד דער'הרג'עט, כדי צו פערנוצען זיין בלוט אויף פסח. צווישען די, וואס האבען פערשפרייט דעם דאזיגען קלאנג איז אויך געווען דער ארטיגער ארטס־פריעסט. עס האט שוין געהאלטען ביי א פאגראם. פלוצלונג אבער איז דערוויזען געווארען, אז דער'הרג'עט האבען דאס קינד דעם פריעסט'ס א זוהן און איינער בודלעי מיט'ן פריעסט'ס וויסען; דער פריעסט האט זיין זוהן בעצאהלט פאר דער "ארבייט" 100 רובל און בודלעי 50. דעם פריעסט האט זיך געוואלט מאכען א פאגראם און בשעת מעשה ראבעווען... יעצט איז פארגעקומען דער משפט אין אומאנער געריכט. דער פראקוראר האט פארנעלעגט, אז מען זאל נעהמען פיהרען א נייע אויספארשונג וועגען דעם פריעסט. נאר דאס געריכט האט מיט דעם ניט מסכים געווען, און האט פערורטיילט נאר די יונגע צוויי מערדער צו פערשיקען אין ארעסטאנטסקע קאלאניעס אויסצובעסערען זיי...

## א נייער פראיעקט.

דער ארגאניזאטאר און ארויסגעבער פון דער גרויסער יודישער ענציקלאפעדיע אויף ענגליש ד"ר איזידאר זיננער אין ניו־יארק האט אבגעדרוקט אין אמעריקאנישען זשורנאל "טהע פינאנציערי" א בריעף, אין וועלכען ער לעגט פאר די יודישע גרויסע פינאנסיסטען פון אייראפא און אמעריקא, אז זיי זאלען מאכען דער טערקישער רעגירונג א הלואה אויף 250 מיליאן דאלאר. אלס דאנק פאר דעם וואלט די טערקישע רעגירונג און דאס אסמאנישע פאלק מסכים געווען מיט פרייד און אויך פיעל צוגעהאלפען צו א יודישע קאלאניזאציע אין טערקיי.

דאס — שרייבט ער — וואלט געווען דער בעסטער תירוץ אויף דער פראגע: "וואוהין?".

טערקיי נויטיגט זיך איצט אין אן אויסערליכע הלואה אויף צו ניינדען שוהלען, באהנען, א פלאט, אויף אויסצובעסערען די לאנד־ווירטשאפט און אויף ארויסצונעהמען די מינעראלען פון דער ערד. דער מורא בעגייט זיך איצט, און איצט נויטיגט ער זיך אין גרויסע פינאנצען.

די יודען דארפען דעריבער וויסען די זאך אויסצונוצען.

בעזונדערס ווענדעט זיך דער ד"ר זיננער אין זיין בריעף צו די באנקירען יעקב שיף און צו די ראטשילד'ס און לענט זיי פאר, אז זיי זאלען זיך משתדל זיין וועגען אזא הלואה.

ווי מ'שרייבט פון ארץ ישראל, האט דער ד"ר זיננער מיטגעטיילט אין פריוואטען בריעף צו בן־יהודה דעם רעדאקטאר פון "הצבי", אז ער וועט זיך בעמיהען צו ווירקען אויף די רייכע יודען פון אמעריקא, אז זיי זאלען זיך אונטערנעהמען אויסצופיהרען די זאך.

## קברי מלכי יהודה.

אין ירושלים געפינט זיך פון לאנג א מערה, וועלכע מען רופט "קברי מלכי יהודה" (די קברים פון די מלכים פון יהודה). יעצט האט מען אין דרום־זייט פון די דאזיגע קברים אויסגעגראבען פיעל טייערע חפצים. מ'האט ענטדעקט א גאנצען טונעל, אין וועלכען מ'זוכט אצ"ץ ווייטער. האטש די ענגלענדער, וואס מאכען די אויסגראבונגען, ווילען גאר ניט אויסזאגען, ווייסט מען דאך, אז מ'האט געפונען גרויסע אוצרות. ביי די אויסגראבונגען געפינען זיך 2 טערקען, וועלכע פיהרען און וויזען אלץ די ענגלישע אויספארשער. מ'האפט אויך צו געפינען א סך כלים פון בית־המקדש.

מ'רעכענט, אז פיעל פון די כלים פון בית המקדש זענען דארט בעהאלטען געווארען, כדי זיי צו זיכערען פון די רוימער און פון די סיריער.

שוין צייט, אז עס זאל אויך עקזיסטירען א יודישע געזעלשאפט צו מאכען אויסגראבונגען אין ארץ־ישראל. ביז יעצט בעשעפטיגען זיך דערמיט בלויז ענגלענדער און דייטשען...

## אוועקגעריבט צוויי יודען.

אין דארף קיעגאפלאיוו, אין קאווקאז, האבען קאווקאזער רויבער גענומען אין געפענגעניש צוויי יודען ביי פאלגענדע אומשטענדען: די רייכע יודישע סוחרים דניאל און דוד מאנוהשווילי זענען געקומען אין דעם דארף קארעלי ראט צו קויפען וויינטרויבען ביי דעם ראטינען יודישען געטרייער דוד נאוואזשווילי. לכבוד די געסט האט דוד נאוואזשווילי געמאכט א סעודה, אויף וועלכער ער האט אויך איינגעלאדען נאך עטליכע יודישע איינוואהנער פון דעם דאזיגען דארף. דאס וועטער איז געווען זעהר שען און ווארם, די סעודה איז דאדורך פארגעקומען אין וויין־גארטען.

בשעת די געסט זענען געזעסען ביי'ם טיש, זענען אריינגעקומען 12 בעוואפענטע טשערקעסען. זיי האבען זיך העפליך געגריסט צו אלע פערזאמעלטע און האבען יעדען בעזונדער פון זיי אנגעהויבען צו פרעגען, ווי מען רופט איהם. נאכדעם האבען זיי די ברידער דניאל און דוד מאנוהשווילי געהייסען מיט זיי מיטגעהן, די איבעריגע האבען זיי געזאגט, אז זיי קאנען רוהיג בלייבען זיצען אויף זייערע ערטער און ווייטער עסען זייער סעודה.

די געפאנגענע ברידער מאנוהשווילי זענען בעקאנט אינ'ם גאנצען אומגעגענד אלס רייכע סוחרים, וועלכע שפיעלען זעהר אן אנגעזעהענע ראלע צווישען די קאווקאזער יודען (בייקעס) און מען רעכענט, אז די רויבער האבען זיי געפאנגען מיט דער האפנונג פאר זיי בעקומען א גרויסען אויסקויף־געלד.

## שלום עליכם ערענסט קראנק.

שלום עליכם'ס פרוי, וועלכע איז וועגען פאמיליען־אנגעלעגענהייטען אויף עטליכע טאג געקומען קיין אדעס, האט בעקומען פון שלום־עליכם'ן א טעלעגראמע אז זיין געזונד־צושטאנד איז ווידער ערגער געווארען און זי זאל וואס גיכער ארויספאהרען צו איהם.

## שלום מיט די "קראים".

ה' נחום סאקאלאוו, וועלכער האט געוויילט איצט אין קאנסטאנטינאפאל, איז איינגעלאדען געווארען פון די קאראאימען, אז ער זאל צו זיי קומען אין דער סינאגאגע.

אין דעם טאג פון שמחת־תורה איז ער געקומען צו זיי אין שוהל. ה' סאקאלאוו'ן האט מען זעהר פיין אויפגענומען און נאכדעם, ווי מען האט געלייענט די תורה, האט ה' סאקאלאוו, לויט דעם פערלאנג פון דער געמיינדע, געהאלטען א רעדע אויף העברעאיש.

אנגעהויבען האט ער מיט דעם פסוק "עושה שלום במרומיו הוא יעשה שלום עלינו" אזוי. די קאראאימען זענען מיט יאהרען צוריק אפגעריסען געווארען פון יודישען פאלק. פריהער, ווען די רעליגיעזע מאכט האט שטארק געהערשט, איז פארגעקומען א גרויסע שפאלטונג צווישען זיי און די רבנים־יודען, איצט אבער ווירקט שטארק אין יודישען לעבען דאס נאציאנאלע בעוואוסטזיין. ביידע טיילען זענען דאך פון איין פאלק. די ברייק צו פעראייניגונג איז דאס געמיינזאמע שטרעבען נאכ'ן יודישען וויסען, דער ווילען צו שטארקען דאס יודישע פאלק, בעניצען זיינע אוצרות, די ערציהונג פון די קינדער, די העברעאישע שפראך. דער אידעאל פון דער אויסלעזונג פון פאלק. און אזוי איז דא דער וועג צו א היסטארישען טריט.

אויף די מיטגלידער פון שוהל האט דאס געמאכט א שטארקען איינדרוק און זייער פארשטעהער ה' אברהם כהן, א יודישער געלעהרטער, האט איהם געענטפערט אויף העברעאיש אויך אין דעם זינען, נאכדעם האט מען איהם פערבעטען צום "חתן תורה".

## דער צוזאמענפאהר פון די פועלי־ציון אין אמעריקא.

אין טשיקאגא איז איצט פארגעקומען דער צוזאמענפאהר פון די פעראייניגטע יודישע סאציאליסטישע ארגאניזאציעס. דאס איז דער ערשטער צוזאמענפאהר נאך דער בעוואוסטער פעראייניגונגס־קאנפערענץ, וואס איז פארגעקומען אין ניו־יארק מיט עטליכע מאנאטען צוריק, וואו ס'איז בעשלאסען געווארען צו פעראייניגען די "פועלי־ציון", די "סאציאליסטען־ציוניסטען" און "סיימיסטען".

אלע דעלעגירטע זענען אויף דעם צוזאמענפאהר געקומען דאקטאר סירקין, זשיטלאווסקי, גלאבום און אנגעזעהענע פיהרער פון פערשידענע פארטייען, וואס האבען א מאל צווישען זיך געפיהרט א שארפע מלחמה.

דער פעראייניגונגס־פראגראם, וואס איז פארגעלעגט געווארען פון דער נויארקער קאנפערענץ איז אנגענומען געווארען פון איצטיגען צוזאמענפאהר אונטער פאלגענדע בעדינגונגען:

די נאציאנאלע ארבייט אין די גלות־לענדער מוז אנערקענט ווערען פאר אזוי וויכטיג, ווי די אנדערע ארבייט פון דער פארטיי.

צווייטענס מוז יודיש און העברעאיש אנערקענט ווערען אלס צוויי גלייכבערעכטיגטע שפראכען פון יודישען [illegible]

די נייע פארטיי בעקומט דעם נאמען "יודישע ארבייטער־פארטיי".

## כבוד א יודען.

אין דער אמעריקאנישער שטאדט מילוואקא האט מען יעצט געגרינדעט א שטאדט־גארטען, וועלכען מען האט א נאמען געגעבען נ ח ־ פ א ר ק, צו דער אנדענקונג פון דעם בעריהמטען יודען מרדכי עמנואל נח, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פאטריאטיזם בשעת'ן פרייהייטס־קריעג אין אמעריקא.

## אמעריקאנישע יודען אין רוסלאנד.

די אמעריקאנישע רעגירונג פיהרט שוין לאנג אונטערהאנדלונגען מיט דער רוסישער, אז מען זאל ערלויבען אמעריקאנער יודען וואהנען אין רוסלאנד. לויט ווי מען זאגט, איז רוסלאנד מרוצה צו ערלויבען דאס נאר בתנאי, אז דער אמעריקאנער יוד זאל דערווייזען, דאס ער איז געקומען קיין אמעריקא נאך יונגער ווי 14 יאהר און אין רוסלאנד קומט ער נאר אויף א בעשטימטע צייט און אז פאר [illegible] פערברעכען זאל אזא אמעריקאנער יוד געמשפט ווערען לויט רוסישע געזעצען.

# בַּכֹּל־מִכֹּל־כֹּל.

(יודיש איז נישט קיין שפראכע — די לאגיק און די טהאטזאכען — אהרן-בן־חיים אעדר ארקאדי יעפימאוויטש — שפאנישע אפעטיטען — דאס קרבן קומט נישט צום מזבח).

די יודען זענען נישט קיין נאציאן און דאס יודישע איז נישט קיין שפראכע — אומזיסט אונזער מיה, אונזער איבייט. אומזיסט שרייבען אונזערע שרייבערס, דיכטען אונזערע פאעטען, שרייען און ליארמען אינזערע פאליטיקער: דאס העכסטע עסטערדייכישע געריכט, דאס רייכסגעריכט אין וויען, האט אזוי ענטשיעדען אח נעה שריי חי־וקים.

א טשערנאוויטצער אדוואקאט, דר. דיאמאנד, האט זיך געמליך פערגלוסט, צו בעקומען אין טשערנאוויטץ א קאנצעסיע אויף א יודיש טהעאטער. ער האט דאס געזוך איבערגעריכט אויף יודיש, די בעהערדע האט עס צוריקגעשיקט, ווייל יודיש איז נישט קיין לאנדעסאיבליכע שפראכע, דר. דיאמאנד איבערגייכט א רעקורז צום מיניסטעריום, דאס מיניסטעריום ווייזט דעם רעקורז אב. ער ווענדעט זיך מיט א בעשווערדע צום רייכסגעריכט און אויך דא ווערד ער אבגעוויעזען. —

ובכן — יודען זענען נישט קיין נאציאן און יודיש איז נישט קיין שפראכע.

אַ, ווער איהר פ־ענען, מטייטש. 800,000 יודען אין גאליציען און אין דער בוקאווינא רעדען יודיש. עס ערשיינען א מענגע יודישע צייטונגען, עס זענען פאראנען יודישע טהעאטערס, די שטאאטס אנוואלטשאפטען בעזיצען אפילו בעזונדערע צענזארען פאר יודיש און פאר א בייז ווארט אויף יודיש ווערד מען בעשטראפט גלייך ווי פאר פויליש אדער דייטש — דאס אלעס קימערט אבער נישט דאס רייכסגעריכט: יודיש איז נישט קיין שפראכע און שוין!

און באמת, האבען דען נישט די ריכטער רעכט! אויב די יודען זענען נישט קיין יודען, זונדערן דייטשען אדער פוילען, איז שוין ממילא זייער שפראכע קיין שפראכע קיין שפראכע. נאר עפים א „דיאלעקט", אנ„אידיאם", א מין עפים נישט־דעפינערבארעס, וועגען וועלכען ס'איז נישט כדאי זיך בעזונדער אבצושטעלען.

„די לאניק בעהערשט די וועלט", האט א מאל א גרויסער דייטשער פילאזאף געזאגט. און אויף דער פראגע: „וואס געשעהט, ווען די טהאטזאכען זענען סותר די לאניק?" האט ער קיהל געענפערט: „דעסטא טרויריגער פאר די טהאטזאכען!"

נו מילא, פאר א פילאזאף איז די לאניק דאס העכסטע אין דער וועלט, פאר וועלכער עס מוזען זיך די טהאטזאכען, די פאקטען פונ'ם לעבען, ביינען. אים פישוט'ן לעבען איז עס אבער אנדעריש: זעהר אפט געשעהען פאקטען וואס זענען די גרעסטע סתירה פון דער לאניק, דאס לעבען פרעגט נישט נאך גרויע פילאזאפישע טהעאריעס...

ווי איז אבער דער דין, אז די לאניק און די טהאטזאכען זענען איינשטימינ? וואלטען זיי דאך זיכער בעדארפט קומען צו א פראקטישער געלטונג! — זאגט אבער דאס וויענער רייכסגעריכט. לא! אונז קימערט נישט די לאניק און נישט די טהאטזאכען — פאר אונז איז מאסגעבענד דאס געזעץ און דאס עסטערייכישע געזעץ קען נישט קיין יודישע שפראכע!

* * *

פון טשערנאוויץ ביז אדעס איז אפילו א היבשער מהלך, אבער אין דער צייט פין עלעקטרישע באהנען, לענקבארע לופטבאלאנס און פליעה־אפאראטע איז דאס נישט אזוי ווייט, אז דאכט, אין אדעס, זאל נאר זיין אנ'אנדערע וועלט.

און טראצדעם איז א געוואלטיגער הילוק צווישען די צוויי שטערט!

אין טשערנאוויץ מוזען די יודען זיין דייטשען און די יודישע שפראכע איז קיין שפראכע נישט! אין אדעסא וויל מען ערקלערען פאר נישט־גילטיג די וואהל פונ'ם הויפט־רעפוטאט בראדסקי, ווייל ער רופט זיך „ארקאדי יעפימאוויטש" און אייגענטליך בעדארף ער הייסען: „אהרן בן־חיים." מען וויל איהם אפילו נאך שטעלען אונטער אנקלאגע, וועגען אנגעהמען א פאלשען נאמען און אבנארען פון דער נאטשעלסטווא, פון די קריסטליכע וועהלער פונ'ם גאנצען פאלק...

דארט אין אדעס וויל מען זיך דוקא האלטען שטרענג ביי דער לאניק: „ביזט א יוד, טא רופ־זשע זיך „אהרן־בן־חיים" און נישט א־קאדי־יעפימאוויטש" און פערדרעה נישט א וועלט מיט א עכט־רוסישען נאמען"!

* * *

יודיש איז נישט קיין שפראכע — וואס איז אבער שפאניאליש? א שפראכע אדער א דיאלעקט?

די שפאנישע רעגיערונג זאגט, אז [illegible] איז א שפראכע, טאקי א שפאנישע! זי האט זיך איצט דערמאנט אין איהרע בירגער פון פאר 400 יאהר, וואס האבען זיך רעמילט גערעטעט פון דער אינקוויזיציע און האבען זיך צערשטריי'עט און צעשפרייט אין די טירקישע לענדער. זי וויל פאר זייערטוועגען גרינדען שולען, רייניגען דאס שפאניאלישע פון די פרעמדע אויסמישונגען און מאכען פון די ספרדים אמת'ע, עכטע שפאניער.

מען זעהט, וואס פאר קליינע חכמים די שפאניער זאלען נישט זיין — א סימן זייער איגערע און איסערע פאליטיק — מיינען זיי נאך אלץ, אז זיי וועלען קענען די יודען פערנארען אין זאק אריין! זיי האפען נאך אלץ, אריינצובעקומען קיין שפאניען א היבש ביסעל יודען, כדי, ווען דאס פאלק וועט זיך ווידער אויפהייבען נעגען זיינע בעדריקער, וועט מען עס האבען אויף וועמען צו העצען און צו הוזשען: אויף די יודען!

אבער די כיטרע שפאניער האבען א טעות: שפאניאליש רעדע די ספרדיישע יודען — אבער קיין שפאניען וועלען זיי נישט מעהר צוריקקימען! גענוג האבען זייערע אבות געלעקט האניג אין דעם שענעם, ווארמען לאנד מיט'ן בלויעם הערליכען הימעל און די שמעקענדיגע בלומען; גענוג האבען זיי זיך געווארעמט ביי די שייטער־הויפענס פון דער „הייליגער אינקוויזיציע". עס ברענט אונז נאך ביז היינט, ווען מיר דערמאנען זיך אין זיי — שפאניען מוז זיך זוכען אנדערע אפפער — דאס יודישע קרבן קומט נישט מעהר צום שפאנישען מזבח!...

בן־לאה.

---

# די „ירושה".

(הומארעסקע).

רבקה־ביילא די אלמנה גילט אין גאנצען שטעדטעל פאר א גנידית'טע, אין איהר שענקעל, וואס זי פיהרט זייט דעם אבלעבען פון איהר מאן, שמעון־חיים עליו־השלום, איז תמיד דא גענוג שפע. די פוערים פון דער גאנצער סביבה, ווען זיי קומען אין שטאדט אריין, פערפאהרען זיי תמיד „רא נאשיע רעבקי". דארט שליעסען זיי אב די וויכטיגסטע עסקים, פערטרונקען דאביי „לחיים" כנהוג און רבקה־לאה צעהלט דעם גאנצען טאג די קרייצערס.

און אזוי ווי זי איז אליין, אהן קינד און קייט, א גאנץ קליינע בעדערפעריין, רעכענט מען, אז זי מוז האבען אבגעשפארט א שענע פאר גולדען, וואס וועלען פאלען בירושה צו איהר איין־און־איינציג אייניקעל, לייטשע, אדער פריילין לעאנטינא, ווי ס'פלעגען זי רופען אלע אויסגעקלערטע יונגע־לייטען, וואס דרעהען זיך ארום איהר ווי די ביענען ארום א זיסער בלום.

פריילין לעאנטינע איז טאקי נאר א וואהל מיידעל, שעהן, גוט ערצויגען, געבילדעט, ווירטשאפטליך ועל כולם זעהר קלוג.

איהר מאמע, רבקה־ביילה'ס איינציגע טאכטער, האט זיך מיט איהר גענוג אבגעפלאגט, ביז זי האט זי געברענגט אויף דעם שטיינער. אבער אנשטאט צו דערלעבען אין איהר נחת, איז זי פלוצים אבגעשטארבען, נאכדעם ווי איהר מאן איז ש'ין פריהער מיט א יאהר 5 אוועק פון דער וועלט.

לייטשי איז געקומען צו דער באבע'ן, וועלכע האט איבער איהר נאך מעהר געציטערט ווי די איינענע מאמע און זי איז טאקי אויפגעוואקסען א וואויל קינד — הלואי אויף אלע יודישע טעכטער געזאגט!

אין א שווערען קאלטען ווינטער איז רבקה־ביילא קראנק געווארען, אין א מאַ־קטאג איז זי כסדר ארויף און אראבגעלאפען אין קעלער ברענגען ביער, האט זיך צוגעקיהלט, בעקומען א לונגענענטצינדונג און, א קלינע יודענע ווי זי איז געווען, האט זי פערשטאנען, אז זי וועט זיך נישט מעהר לאנג פלאנען אויף דעם עולם.

זי לאזט רופען דעם רב, איבערגיבט איהם פאר עדות א פערזיעגעלטען בריעף און איז מוסר־מודעה בזה הלשון:

„מיין גאנץ פערמעגען, וואס איך האב דא פערזיעגעלט אין דעם בריעף, געהערט צו מיין אייניקעל לייטשי. נאר אזוי ווי זי איז א יונג קינד, און ווייסט נישט, ווי אזוי דאמיט אומצוגעהען, זאל זי עס ערשט בעקומען אייסגעפאלנט א טאג נאך איהר חופה".

די אלטע רבקה־ביילא איז טאקי באלד דאראויף געשטארבען. פריילין לעאנטינע איז געבליעבען ביים שענק, ביי דער פרנסה, הויך־לזה האט זי ערווארט די ירושה פון דער באבע, זיכער א מטמון געלד, ווי די גאנצע שטאדט האט בעהויפטעט.

ס'איז איבעריגענס נאר קיין חידוש נישט, וואס באלד האבען איהר די שדכנים אבגעשלאגען די טהירען, מען האט געברענגט די פיינסטע שידוכים, מיט גאלדענע חתנים; סותרים, מיוחסים, געלערנטע, געבילדעטע — ממש דאס עפעלע פון דער פאהן.

פריילין לעאנטינע האט שטארק געבראקעוועט צווישען דעם עולם, און פאר־וואס נישט? שעהן איז זי, רייך איז זי, געבילדעט איז זי — מיט אזעלכע מעלות קען מען זיך טאקי איבערנעהמען.

אויסגעקליעבען האט זי זיך טאקי דעם בעסטען חתן: זיין פאטער איז געוועזן א גרויסער גביר, א פאר־ריאטשעק מיט גרויסע געשעפטען, דאצו א שענער יוד א מיוחס, א אנגעזעהנער מענש אין דער גאנצער סביבה, דער חתן אליין איז אויך נישט געוועזן איעקצומאכען מיט דער האנד.. א פיינער בחור, געלערנט, קויפמענייש געבילדעט, מיט א מיניסטער־קאפ, דער גאנצער „כל־ולך" אין דעם פאטער'ס עסקים...

צו מזל האט מען געשריעבען תנאים, אויפגענעהט חתונה־קליידער און געשטעלט א חופה. דאס גאנצע שטעדטעל איז געוועזן דאביי: צי א יתומה זענען דאך אלע קרובים, חוץ־לזה האט זיך יעדער געסטארעט, זיך צוצושמייכלען צו דעם יונגען ווייבעל, וועלכע וועט באלד זיין די רייכסטע גנידית אין שטעדטעל, ס'טייטש, דער חתן האט בעקומען גרן א היבש ביסעל מזומנים, איהר „ירושה" איז דאך כוודאי נאר א גרויסער איצר, מען שמועסט פון שווערע אלפים — מיט אזא גנירית איז גוט צו לעבען.

דער רב אליין בכבודו ובעצמו האט מסדר־קידושין געווען, נאך דער חתונה־וועטשערע רופט ער אריין דאס פאר־פאלק און דעם חתנ'ס עלטערן אין א חדר־מיוחד, נעמט ארויס פון בוזים־קעשענע דעם פערזיעגעלטען בריעף און זאגט בזה־הלשון:

— איינענטליך בעדארף איך אייך דאס איבערגעבען ערשט מארגען, נאר ווייסענדיג אז איהר זענד זיבער נייגיעריג צו וויסען, וואס אין דעם בריעף געפונט זיך, בין איך מיר מתיר לשנות מדברי המת און איבערגיעב אייך דאס תיכף, כדי אייער שמחה זאל זיין איבערפול.

דער עולם, זעהענדיג ווי דער רב האט זיך מיט די מחותנ'ים צוריקגעצויגען אין א בעזונדער חדר, פערשטעהט, וואס דא געהט פאר, נישט קוקענדיג אויפ'ן דרך־ארץ, דריקט ער איין די טהיר און באלד איז דאס חדר־מיוחד איבערפולט מיט די חתונה־געסט.

דער חתן האט דערווייל אויפגעריסען דעם בריעף און אנגעהויבען צו לייענען בקול־רם בזה הלשון:

„היות איך זעה, אז איך געה באלד פון דער וועלט און לאז איך, מיין טהייער אייניקעל, איבער אנ'ארימע עלענדע יתומה, מיינע עסקים טראגען מיר קוים אויף פרנסה און קיין גרן האב איך פון דיינעט־

ווענען נישט צוזאַמענגעלענט. מוז איך דיך פערזארגען מיט א שפעקולאַציע, אז דער עולם זאל מיינען, דו האסט א גרויסע ירושה און דאַדורך וועסטו קענען מיט דיר טהון אַנ'אַנשטענדיגען שידוך. ווען דער אמת וועט ארויס־קומען, וועט שוין זיין פערפאלען. איך בעט נאָט־ברוך־הוא, ער זאל מיר מוחל זיין דעם שווינדעל, ווייל איך טהו עס צוליעב אַן ארימער יתומה. דיין מאן וועט מיר אויך מוחל זיין און דיר דאס נישט נאכטראגען.

דיין באבע רבקה־ביילע".

דער גאנצער עולם איז געליעבען שטעהען ווי פערשטיינערט. דער מחותן און די מחותנת'טע זענען רויט געוואָרען פאר כעס, דער חתן איז בלייך געוואָרען פאר בושה, — די כלה אבער האט אויסגעבראכען אין א ביטער געוויין.

בלויז דער רב האט נישט פערלוירען זיין קאלט־בלוטיגקייט און אננעמענדיג דעם חתן ביי דער האנד, זאגט ער מיט א שמייכעל:

— ח'לעבען, א קלוגע יודענע געווען, רבקה־ביילא עליה־השלום! דאס אייניקעל פון אזא חכמת מעג מען נעהמען אהן נדן!... הקב"ה ימלא חסרונך!

און צו די מוזיק געווענדעט רופט ער: שפּיעלט א פריילי־ שטיקעל, מיר וועלען טאנצען דאס מצוה־טענצעל!...

י. סאלאמאנאוויטש.

# יודען אין דער וויסטע סאַ־האַראַ.

די אַלגעמיינע פערבּרייטעטע מיינונג, אז אין דער גרויסער, הייסער זאַמד־וויסטע סאהאראַ, וואס ציעהט זיך איבּער א גרויסען טהייל פון אפריקא צווישען טוניס, אלגיער און דעם סודאַן, וואהנען נישט קיין מענשען, האַט זיך לויט די נייעסטע פארשונגען ארויסגעוויזען אלס אַ טעות. אין דער דרום־טונעזישען סאהאַ־א געפונען זיך אַ גאנצע מענגע אונטעראירדישע שטעדט, וועלכע בּילדען אַ בעזונדערע מערקווירדיגע ערשיינונג אין דער וועלט. עטליכע מעטער טיעף אונטער דער ערד, ווי די מויל־וואַרפען, וואהנען טויזענדער מענשען. זיי בעזיצען דארט שטעדט, גערטנער, וואסער־קוואלען און פיהרען א פער־גנ:גט לעבען ווי די איבּריגע מענשען אויף דער וועלט.

אין עטליכע מעטער טיעפע הייהלען זענען איינגע־גראבען אין די וועגד ברייטע גרויסע עפנונגען. די שטאַרקע אפריקא־זון לייכטעט מיט איהרע שטראהלען ביז טיעף אונטען אראב, אזוי אז עס הערשט דארט תמיד א געוויסע דעמערונג, אַנ'ארט האַלב־ליכט. צו וועלכען די דארטיגע מענשען האבען זיך שוין צוגעוועהנט.

יודען אין דער וויסטע סאהארא: יודישע טראגלאדיטען מיט זייערע רבנים פאר דער סינאגאגע אין מאטמאטא.

די בעוואהנער פון דיעזע אונטעראירדישע וואָהנונגען זענען די מערקווירדיגסטע מענשען, וואס די וועלט קענט. זיי לעבען אבגעשלאסען פון דער איבּריגער וועלט, און נאר זעלטען זעלטען פעראירט זיך דארטהין א רייזענדער, וועלכען זיי עמפפאנגען מיט גרויע פריינדליכקייט. זיי לעבען אלס שבטים, יעדעס שבט ווערד בעהערשט פון א קאדי (שופט) לויט זייערע אַלטע מנהגים און טראַדיציעס.

דער עטנאלאגישע נאמען פון דיעזע מערקווירדיגע מענשען איז טראגלאריטען, ד. ה. הייהלען בעוואהנער. זיי זענען גוט געבויעט, שטאַרק און קרעפטיג, די פרויען, בעזונדערס די יונגע, זעהר שעהן.

דאס מערקווירדיגסטע אין דיעזע אונטעראירדישע שטעדט און דערפער זענען די יודען, וואס געפונען זיך דארט. אין יעדער אַרטשאפט וואָהנען 6—8 יודישע פא־מיליעס, וועלכע שטאמען אב פון די יודישע איינוואנ־דערער נאך אין די רוימישע צייטען, עס גיבּט אויך גאנצע דערפער מיט לויטער יודישע טראגלאריטען. איבּעראל האבען זיי זייערע שוהלען, זייערע רבנים, תלמוד־תורות און צדקה־חברות. זייער טיפוס איז אויסגעשפראכען יודיש, זיי פערמישען זיך קיינמאל נישט מיט די איבּריגע בע־וואָהנער פון לאַנד.

א דייטשער רייזענדער, וועלכער האט זיי בעזוכט, שילדערט א דארטיגע סינאגאגע אלס דונקלע הייהל, אין וועלכער סינעפּוגען זיך אום אַך אום שטיינערנע בענק מיט שטרויה בעדעקט. אויף זיי ליעגען אלטע געבעט־ביכער, אין דער מזרח־וואַנד שטעהען אין אַנ'אַרט בעהעלטעניש ספרי־תורות אין זילבערנע קאפסעל בעהאלטען און פאר זיי אנ'אַרט האלצערנער עמוד.

די יודען אין יענער געגענד זענען פאר דער איבּ־ריגער בעפעלקערונג גאנץ אונגעשפּעהרליך. האטשי דער בערבער און דער אראבער פעראכטעט זיי און דאס וואָרט „יהודי" ווערד בעטראכטעט אלס שימפּפוואָרט, לעבען זיי דאך גוט מיט די יודען, וועלכע פערמיטלען דעם גאנצען האַנדעל און פיהרען די האנדווערקע, זיי ליעפערן דעם בּילינגען אויערן־ און האלזשמוק פאר די פרויען, זענען גאלדארבייטער, זאטלער, שמידע עטצ. זיי זענען מיט זייער גורל זעהר צופרידען און בעקלאגען זיך איבּער קיין שום זאַך.

מען זעהט, אונזערע יודעליך זענען צערשפרייט און צעזייעט אויף דער גאנצער וועלט, אפילו אין די הייהלען און אין די לעכער פון דער מדבּר־סאהאַרא.

# די ערלייגניסע אין שפּאניע.

דאס נייע ליבעראלע מיניסטעריום אונטער מאַ־עט אין שפּאַניען האט אויפגעלעזט דאס פארלאמענט און אויסגעשריעבען נייע וואהלען, וועלכע וועלען באלד פאר־קומען.

צום גובער־נאטאר פון בארצעלאנא איז ערנאַנט געוואָרען גענעראל ווייליע, וועלכער איז בעקאנט דורך זיין שטרענגקייט. דאס איז א סימן, ווי וויים דער „ליבעראליזמוס" פונ'ם נייעם מינ'סטעריום ניי:כט.

ווי ווייניג דאס שפּאנישע פאלק גלייבט אין דעם כח דער נייער רעגירונג, איינצופיה־ען ארדנונג אין אין לאַנד, איז צו זעהען פון די וויצען, וועלכע דאס פאלק מאכט דאריבער; איינער פון זיי איז זעהר כאראַק־טעריסטיש: „פון מוירא (דעם געוועזענעם קלעריקאלען מיניסטערפרעזידענט) זענען מיר פטור געוואָרען — ווי ווערד מען נאך פטור פון די מוירען (די קאפּילען)?"

# א שרעקליכע בענזין־עקס־פּלאזיע אין ווארשא.

פריי:טאג א זיינער האלב 5 פאַרנאַכט איז פאר־געקומען אין הויז נומר 4 אויף קאמיטעטאָווע גאס א שרעקליכער אויפרייס, וועלכער האט געקאסט דאס לעבען פון 2 מענשען און 8 מאן זענען פערוואונדעט געוואָרען.

דער אויפרייס איז פארגעקומען אין וואהנונג פון אינהאַבער פון אפּטייקסקלאד פעלדמאַן, וועלכע געפינט

יודען אין דער וויסטע סאהארא: א טראגלאדיטען־וואהנונג אין רואיראט

זיך אויפ'ן דריטען שטאק. דער אויפרייס איז צום ערשט פארגעקומען אין קיך, וואו דאס פייער האט ארומגעכאפט אין אויגענבליק אלעס. וואס ראט האט זיך געפונען און אנגעצונדען די קליידער אויף דער דינסט מיט דער אם, וועלכע האבען זיך געפונען אין קיך. די אונגליקליכע זענען, ארומגענומען פון פייער, ארויסגעלאפען אויף די טרעפ. ס'האבען זיך אנגעצונדען די זאכען אויך אויף דעם שיק-יונגעל פון אפטייק-סקלאד יוסף רענבא, וועלכער איז אויך ווי אלעבערינער פייער-זאל ארויסגעלאפען אויף די טרעפ. די שכנים פון הויף האבען צעריסען די קליידער אויף די ברענענדע און איינגעלאשען דאס פייער.

דערווייל האט דער העלישער פייער פון קיך ארומגעכאפט דאס פארער-הויז, וואו עס האט אנגעשטאפט אויף א לייכט-ברענענדע פליסונג. דאס פייער האט זיך פערשפרייט ווייטער און ווייטער און ארומגעכאפט דעם עס-צימער און אויף אזא אופן פערצוימט דעם וועג דעם 5 יאהריגען פעלדמאנ'ס זוהן, א 12 יאהריגען יונגעל, פעלדמאנ'ס א פראקטיקאנט, און א 16 יעהריגעס מיידעל בערטע בערלין, א פראקטיקאנטין פון אפטייק-סקלאד וועלכע האבען זיך פערמאכט אין שלאף-צימער. די אונגליקליכע בערלין זעהענדיג, אז דאס פייער פערשפרייט זיך ווייטער איז זי ארויס פון פענסטער און זיך געזעצט אויפ'ן גזימש פון פענסטער פון 2-טען שטאק, נישט זייענדיג זיכער, אז זי וועט זיך קענען דארט לאנג האלטען און נישט אראבפאלען אויף דר'ערד.

דערווייל איז זיך צוזאמענגעלאפען א אונגעהייער המון, וועלכע האבען גענומען זוכען מיטלען ווי אזוי צו ראטעווען דאס מיידעל בערלין, וועלכע איז געזעסען אויפ'ן גזימש און גערופען הילף.

מ'האט געפרובט פערשפרייטען בעטגעוואנד, אויס-שפרייטען לייליכער און געהייסען איהר אראבשפרינגען, נאר דאס מיידעל האט נישט געוואלט אראבשפרינגען און איז געזעסען אויף איהר ארט האלטענדיג זיך, אז זי זאל נישט אראבפאלען.

דער אונגליקליכער צו הילף איז געקומען דער רעזערוואווי באבאשין, דער פעלדפעבעל נארזינסקי און דער מאלער חיים קרויזעווסקי, וועלכע האבען געמאכט פון זיך א מין קעט, און איינער פון זיי איז ארויס פון א פענסטער פון דערבייאיגען וואהנונג און האט דער-לאנגט א פוס דער אונגליקליכער בערלין, זי האט זיך רעגסטמאל אנגעהאפט פאר'ן פוס און די איבעריגע צוויי, וואס האבען זיך געפונען אין וואהנונג האבען איהר אריינגעצויגען צוריק און אזוי ארום איהר אבגעראטעוועט פון טויט.

דערנאך זענען אנגעקומען די ניכע-הילף פון די פייער-לעשער און האבען ארויסגעטראגען פון שלאף-צימער פעלדמאנ'ס 5-יאהריגען זוהן, וועלכער איז לייכט אבגעברענט געווארען און דעם 12-יאהריגען יונגעל, א שווער-פערוואונדעטען. ס'זענען דערנאך אנגעלאפען די פייערלעשער-אבטיילונגען פון נייע-וועלט און מיראסקא נאס און אין א שעה צייט האבען זיי דאס פייער איינגעשלאסען.

צו העלפען די אבגעברענטע פערוואונדעטע זענען ארויסגערופען געווארען צוויי קארעטעס מיט'ן אויטאמאביל פון דער ניכער הילף, די מעהר פערוואונדעטע האט מען אבגעפיהרט אין די שפיטעלער, וואו די אם איז נאך דעם זעלבען אווענד געשטארבען. דעם פערוואונדעטען שיק-יונגעל יוסף רענבא האט מען אבגעפיהרט אין יודישען שפיטאל און דארט איז ער שבת געשטארבען.

אויסער דער דינסט און די אם מיט דעם פערוואונדעטען רענבא האט די ניכע הילף באנדאזשירט ברייגדל וואסערשטאנד, 36 יאהר, א שכנת'ע וועלכע האט זיך אבגעבריהט דאס פנים, ברוך הערשט און אנטאן זאוורסקי, וועלכע זענען שטארק פערוואונדעט געווארען דורך דעם פאלענדען גלאז פון די אויסגעבראכענע שויבען. אויסערדעם איז פערוואונדעט געווארען רוזשע אבראמאוויטש, א רינסט. דעם פעלדפעבעל נארזינסקי האט אבגעברענט די האהר פון קאפ.

# די פאליטישע לאגע.

דאס עסט-רייכישע פארלאמענט האט אבגעטהון זיין וויכטיגסטע ארבייט: געוועהלט א פרעזידיום און עטליכע קאמיסיעס. דערנאך נאך געפיהרט א דיסקוסיע דעם שרעקליכען יקרות וואס הערשט איבעראל — און שוין! צו מעהר ארבייט איז עס נישט פעהיג... די טשעכען האבען געדראהט מיט אבסטרוקציע און איידער ס'זאל קימען צו געוואלטזאמע סצענעס, האט דער פרעזידענט ליעבער ערקלעהרט, אז ער ווייסט נישט ווען ס'וועט זיין די קומענדע זיצונג און ער וועט שוין דאריבער די דעפוטאטען שריפטליך מודיע זיין.

דערווייל איז די אזוי-לאנג ערווארטעטע מיניסטערקריזע שוין אויסגעבראכען. אויף דעם מיניסטער-ראט וואס איז פארגעקומען לעצטען שבת, האט דער מיניסטער-פרעזידענט באראן ביענערטה ערקלעהרט, אז ער וויל פארלעגען די בעשליסע פון די לאנדטאגע אין ניעדערעסטרייך, אבערעסטרייך, זאלצבורג און פאראלבערג וועגען בעשטימונג פון דער דייטשער שפראכע אלס איינציגע אמטס-שפראכע אין די געמיינדען פון דיעזע לענדער, דעם קאיזער צום בעשטעטיגען. די טשעכישע מיניסטער דר. בראף און דר. זאטשעק האבען דאגעגען פראטעסטירט. דער רוב פונ'ם מיניסטעריום האט אבער דאצו מסכים געווען. דאראויף האבען די טשעכישע מיניסטארען איבערגעגעבען זייער דעמיסיע. דער קאיזער האט די דעמיסיע אנגענומען און די ביידע עקס-מיניסטער זענען ערנאנט געווארען אלס געהיים-רעטהע. אויף דער שטעלע פון דעם דר. בראף איבערנעמט דערווייל דער סעקציאנסשעף פאפ די לייטונג פון אקערבוי-מיניסטעריום, די שטעלע פון דר. זאטשעק אלס טשעכישער לאנדסמאן-מיניסטער בלייבט נישט בעזעצט.

דאמיט איז די קריזע אויסגעבראכען אין איהר גאנצער שארפקייט. בארא ביענערטה וויל צוואר ווייטער פרובען הערבייצופיהרען א שלום צווישען די טשעכען און דייטשען, אבער דאס איז אומזיסטיגע מיה: ביי די איצטיגע צושטענדע איז דאס א אונמעגליכע זאך און דאס פארלאמענט וועט נישט אזוי גיך זיין ארבייטס-פעהיג. מען רעכענט שוין נאגין געשמאק דאמיט, אז די איצטיגע רעגיערונג וועט זיך בעגעהן א צייט לאנג אהן פארלאמענט און פרובען איינצופיהרען דאס בודזשעט און אלע אנדערע שטאאטס-נויטווענדיגקייטען אויפ'ן פראוויזארישען וועג מיט דער הילף פונ'ם § 14, וועלכער ערלויבט דער רעגיערונג איינצופיהרען געוויסע געזעצע פראוויזאריש, ווען דאס פארלאמענט איז נישט פערזאמעלט. פון א ענדערונג אינ'ם מיניסטעריום, אדער פון אויפלעזונג פונ'ם רייכסראטה, שמועסט מען דערווייל נישט.

* * *

אין דער קורצער סעסיע פון קוים עטליכע טעג האט אבער די רעגיערונג געבריענגט די פעלקער א נישט-פרייליכע איבערראשונג: דאס בודשעט פאר'ן קינפטיגען יאהר ווייזט אויף א דעפיציט פון רונד 42 מיליאן קראנען, דאס הייסט די הוצאות איבערשטייגען די הכנסות מיט דיעזער סומע. כדי צו דעקען דעם חסרון, וויל די רעגיערונג איינפיהרען א גאנצע מענגע נייע שטייערן; און צוואר אויף שנאפס, אויף מינעראל-און זויערוואסער, אויף וויין, א מאנאפאל אויף צינדהעלצכען, ווי אויך העכערן דאס איינקאמענשטייער ביי די העכערע שטייער-קלאסען, און ביי נישט-פערהייראטהעטע פערזאנען, ביי דיווידענדען און רענטען — בקצור א גאנ'ן פעקיל נייע שטייערן. וועלכע בעריהרען אלע בעפעלקערונגס-קרייזע און רופען ארויס די גרעסטע אונצופרידענהייט. אויך אלע דיעזע שטייערן וויל די רעגיערונג איינפיהרען מיט'ן פאראגראף 14, כדי ווען דער רייכסראטה וועט צוזאמענקומען, זאל שוין זיין פערפאלען. —

הכלל, מיר האבען זיך אין עסטערייך דערלעבט גוטע צייטען מיט אונזערע רעגיערונגען!...

* * *

די אונגארישע קריזע שלעפט זיך פון וואך צו וואך, יעדען טאג קומען אויף נייע פלענער, אבער קיינער פון זיי קען דורכגעפיהרט ווערען. די הויפטבעשטרעבונג איז, צו ערהאלטען די ביזהעריגע קאאליציע, ווען אויך אין א פערענדערטער פארם. די קאסוטה-פארטיי אליין וויל דער קאיזער בשום-אופן נישט צולאזען צו דער רעגיערונג. עס זעהט אויס, אז דער סוף וועט זיין: א נייע קאאליציאנס-רעגיערונג מיט די ביזהעריגע מיניסטער. בלויז א טהייל פון קאסוטה-פארטיי מיט'ן פרעזידענט יוסטה וועט איבערגעהען אין אפאזיציע.

* * *

דער קעניג פון בולגאריען האט פארינע וואך געמאכט א אויספלוג קיין סערביען. וואו ער איז עמפפאנגען געווארען בכבוד גדול פונ'ם קראנפרינץ אלעקסאנדער און פון דער בעפעלקערונג. פאליטישע קרייזע בעהויפטען, אז עס איז דאס דער אנהויב פון א פאליטישער דערנעהנטערונג צווישען בולגאריען און סערביען, און די התחלה פון דער געפלאנטער פעראייניגונג פון די באלקאן-מלוכות צו א איינהייטליכער פאליטיק.

# פונ'ם „טעאטער לודאווי" אין קראקוי.

די אפערעטען-אויפפיהרונגען. וועלכע קומען פאר אין דער לעצטער צייט אינ'ם קראקויער „טהעאטער לודאווי" ערדענען וואס א מאל מעהר די אויפמערקזאמקייט פון היעזיגען פובליקום — און מיט רעכט: דירעקטאר ריגיער ניעט זיך אלע מיהע, דאס פובליקום צופרידען צו שטעלען, בעזונדערס די ארטיסטין פעליציע מיט איהר אנגענעהמער שטימע און איהר ארטיסטישען שפיעל איז שוין געווארען דער ליעבלינג פון פובליקום, וועלכעס בעגריסט זיי תמיד מיט ברויזענדעם אפלויז און בעשענקט זי מיט בלומענבוקעטס. ה' פאלענסקי און פ-ל. זיעלינסקא, ה. סיראר און אויך די אנדערע קרעפטע פונ'ם טהעאטער ערפרייען זיך עבענפאלס דער גרעסטער בעליעבטהייט. די אויפפיהרונגען פון די לוסטיגע אפערעטען „פאסלאניעץ 6666". „דער צויבערער אם ניל". „דער אבערשטייגער" עטצ. זענען איבעראוים געלונגען און דאס טהעאטער איז כסדר פול. צור פולסטען צופריעדענהייט פון פובליקום זענען אויך אויפגעפיהרט געווארען די פאסע „דער פייערדינער אויטאמאביליסט" און דאס שטיק „האננא" פון גערהארד הויפטמאן. אין טהעאטער זעלבסט הערשט די גרעסטע ארדנונג און דאס גאנצע פערזאנאל ניעט זיך די גרעסטע מיה, אלע אנפאדערונגען פונ'ם פובליקום צו בעפריעדיגען.

(X).

# צו דעם יובילעאום-פייער אין קאטאוויץ

שיקט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג" ארוים איהר שפעציעלען קארעספאנדענט און פאטאגראף, און מיר וועלען אין קומענדער נומער ברענגען אריגינעלע בילדער און א אריגינעלען בעריכט איבער דעם פערלויף פון ריעזער וויכטיגער פייער.

# גראטולאציעס.

באהבה עמוקה מקרב לב אח הנני מגיש את ברכתי לאחותי היקרה מ'ת שרה באשע נעווירץ מצעשאניב לארוסיה עם ה' יעקב צבי וואלדמאן מבארדפעלד (אונגארן).

קראקא — יהודה נעווירץ.

---

וועגען טעכנישע סיבות איז די פארטזעצונג פון ראמאן „אם הארעם פונ'ם סולטאן" אין דיעזער נומער נישט אריינגעקומען.

## שאלות ותשובות.

(אין דער רובריק ווערען אויפגענומען פערשיעדענע פראגען פונ'ם פובליקום, אויך אנטווארטען דארויף, נאר מוזען די פראגען חי די אנטווארטען זיין ואכליך און קורץ געשריעבען).

תשובות אויף די שאלות אין נו' 37:

**צו יוסף:**

איך ראטהע אייך דאס איהר זאלט פאהרען צוריק נאך רוסלאנד און די קלאסען ערשיינען, אם ערנסטען פאל איז בעסער דריי יאהר דיענען ווי איין פעהלער זיך מאכען. אייער כלה וועט אויך מוזען זיין איינפערשטאנדען און אויף אייך ווארטען. דריי יאהר וועלען באלד פאר איבערגעהען אבער דער פעהלער בלייבט אויף אייביג. אזוי ראטהע איך אייך. יעקב ווילק, קארימניק.

מיין ראטה איז דאהער איהר זאלט בלייבען אין גאליציען. רעד צו פאהרען דיענען 3 יאהר קען דאך ווי איהר שרייבט אייער כלה נישט ווארטען. צו מאכען זיך איין פעהלער קאן איך אייך נישט ראטהען. צוריק צו פאהרען צו אייער כלה אום דאס גליק פון איהרע עלטערן נישט צו שטערען ווירד עס דאך אייער גליק שטערען. עס קאן פאר אייך נאך זיין איין בושה אין פנים און איין ועטהינג אין הארץ...

דאנקענען אבער ווען איהר בעציעהט אייער כלה אהער איז צווערווארטען דאס איהרע עלטערן וועלען אייער גליק ווי אויך דאס גליק פון וייער טאכטער נישט שטערען. איזאק עהלבוים, לעמבערג.

צו ה: ווען איהר האט געמאכט עטליכע גימנאזיאל־קלאסען — זענען די עלטערן אייערע איבערצייגט אז זיי וועלען אייך שוין נישט מעהר קענען מדריך זיין און רעליגיעזען וין. — אבצוואר וויר פערשטעהען עס או מקען לערנען פערשיעדענע וויסענשאפטען און דאך זיין רעליגיעז געזינט.. — ווייל אבער יערע עלטערן שטרעבען פארט פירים גליק דעם קינדעס. — זא שטעלט זיי אלוא פאר א־ערע קריטישע לאגע, זא ווירד זיך געוויס ביי זיי דאס עלטערנים־נעפיהל ערוועקען. און זי וועלען אייך — זענען זיי נור בעמיטעלט — ערמעגליכען, פארטצוזעצען דאס ווייטערע שטודיום. X.

צו ח: איך ראט אייך אלס איבערצייגטער. פאלס איהר קענט נישט אין לעמבערג אייך ווייטער ראנגלען, זאלט איהר פאה־ען אין איינע גרעסערע שטאדט אריין ווי למשל „וויען". און דארט וועט איהר בוראי קענען אייער שטודיום פארטזעצען, אין פאלס איהר וועט נאכ־לאזען דאס שטודיום וועט איהר צייטלעבענס בעדויערן. יצחק שיף.

צו ח: ווען איהר האלט שוין געענדיגט דריי גימ־נאזיאלס קלאסען איז בוראי א שאר. וואס אייערע עלטערן ווילען אייך נים שטיצען, אום איהר זאלט [illegible] קענען ווייטער ברענגין. נאר לויט איהר שרייבט או אייערע עלטערן זענין פרומע יודען. אפשר (איך בעט אייך איבער) זעהען זיי פון אייך אועלכע זאכען וועלכע זענין נענען דער פרומקייט? דערום בעטט ווי מיט פערזיכערונג דאפיי אויך אין יודישען ווען צו געהען. דאן ווען זי זענען טרייע עלטערן וועלען זיי אייך זיכער שטיצען. מ. סינעט. החזן.

צו ק. צירקמייסטער: ווען איך זאל זיין איין גאלדשמיער וואלט איך אייך געראטען איהר זאלט אייער פרוי נים ערנערין אין קיין אמעריקא נים פארין. פיענט מיך וועל איך אייך די אמעריקאנער היינטיגע יליקען פאר שטעלען. פרובירט זוכען ארבייט אין איין אנדערע שטאדט. משנה מקום משנה מזל.

מ. סינעט. א. ח. לאנדמאנן.

אויף אלע דריי שאלות: 1) דער צוועק היילינט די מיטעל דאהער רען ניטען ציעל ווייטער צו פערפאל־און האפענטליך אין לעמבערג אשר צדק ונדיבות ילין בה קאן מען צום היילינען צוועק איממער אונטערשטי־צונג האבען. ברוך שאדם רוצה לילך מוליכין אותו — 2) ראטהואמער איין צופריעדען לעבען צואמען מיט פרוי עט קינדער צופיה־ען זאנא־ אן דער נויטה אין דער היים ווי גליק צוזוכען אין דער פ־עמר פערלאסען פון פא־מיליע צו זיין... 3) אין שידוכים זאכען לייג איך מיך נישט אריין!

אברהם שלאף יונ, וויעלקאשק.

# בריעפקאסטען.

צו מעהרערע: מיר מאכען נאך אמאל אויפמערק־זאם. או דאס רעכט אויף די איצטיגע פרעמיעם האבען בלויז נייע אבאנענטען און נישט דיעיעניגע, וואס האבען שוין לאנג איינגעצאהלט און דעמילט בעקומען ו־ערע פ־עמיעס. מיר קענען נישט יעדען ענפערן בעזונדערס דאס וועלבע און דערארטיגע אנפראגען מוזען בלייבען אונבע־אנטווארטעט.

אויב אימיצער וויל ענדערן זיין אדרעסע, מוז ער תמיד אנרופען אויך זיין פיזהעריגען אדרעס. ווייל זונסט קענען פארקומען פערוועכלונגען און פערשפעטונגען.

# רעטהזעל.

(די נעמען פון די אויפלעזער ווערען פערעפענטליכט).

פון די זילבען:

פרא ירו רו סם טב איט יהן טאל אין נקר של ים יר ריה אלי דה לע די ייך ים רד ען דא ען

זאלען צוזאמענגעשטעלט ווערען פאלגענדע ווערטער:

1) א לאנד אין אייראפא.
2) א היסטארישע בעריהמטע שטאדט.
3) ראטועלבע.
4) א לאנד, פון וועלכען עס ווערד אין לעצטער צייט פיעל געשפראכען.
5) א שטאדט אין ארץ ישראל.
6) א לאנד אין דרום־אייראפא.
7) א לאנד אין אזיע.
8) א שטאדט אין שפאניען.
9) א גרויס לאנד אין אזיען.

די ערשטע אותיות פון דיעזע ווערטער ערגיבען דעם נאמען פון א יונגסט געשטארבענעם בעריהמטען שטאאטסמאן.

די אויפלעזונג פון פרייז־רעטהזעל אין נו' 41 קומט נעכסטע וואך. אבער וואוס פון פיעלע לעזער ווערען אויפלעזונגען אנגענומען ביז נעכסטע דיענסטאג.



## Nadesłane.

**Dział inseratowy „Żydowskiej Gazety Ilustrowanej" objęło biuro reklamowe i anonsów „Prinzipia" w Krakowie ul. św. Marka 21.** i do tej firmy należy się zwracać we wszystkich sprawach inserowania w powyższem piśmie.

**Die Inseratenabteilung der „Judischen Illustrirten Zeitung" hat das Anoncen und Reklamen-Bureau „Prinzipia" Krakau, Markagasse 21.** ubernommen, zu welcher sich die P. T. Inserenten in aller Insertionsangelegenheiten wenden wollen.

**Živnostenska Banka pro Cechy a Moravu w Praze.**

**Stan wkładek na książeczki wkładkowe i asygnaty kasowe z końcem września 1909**

# K. 101,340,858.49

Živnostenska Banka publikuje tylko wkłady na książeczki wkładkowe i asygnaty kasowe, wkładów na rachunek bieżący nie ogłasza.

**Filia w Krakowie, Rynek 17, przyjmuje wkładki na książeczki za oprocentowaniem po 4 proc., wypłaca dziennie Kor. 5000 bez wypowiedzenia,**

większe kwoty w godzinach przedpołudniowych, za poprzedniem porozumieniem z Dyrekcyą. Kupuje i sprzedaje papiery wartościowe oraz monety obce. Zaliczkuje efekta od Kor. 100·— począwszy.

---

## ראטטעז אונד מייזע

מאכען דען גרעסטען שאדען אין דעם קעלערן

א. מאגאזינען.

דיעזע קאנן מאן אם שנעלסטען פערטילגען דורך מיינע פאן מיר נייערפינדענע פערטילגונגס־פאסטא, וועלכע איבעראל אונד פאן יעדערמאן אנגעווענדעט ווערדען קאן. — פרייז פער פאסטא ½ קילא פל. 1.50 — ערצייגע אויך דיא נייעסטע, פאן דעם ובליקום אלס דיא בעסטע אנערקאנטע מעכאנישע ראטטעז אונד מייזע־פאללע, וועלכע אללע ביזהעריגען ערפינדונגען אין דיעזעם פאכע איבערטריפט. מאן קאן מיט דיעזער פאללע 15 ביז 20 פאנגען, אהנע דיא פאללע נייו אויפצוריכטען. פרייז איינער ראטטענפאללע פל. 4. — איינער מייזעפאללע פל 1.80 ביז פל. 2.60. — שוואבען אונד רוססענפאללע פל. 1·20. וויעדערפערקייפער ראבאט. — נייעסטע ציערדע פיר יעדע וואהנונג זינד פאטאגראפיע־ביעפראספעקטען־ אונד פאטאגראפיע־שטענדער פאן 8 פאן 144 שטיק. פרייז פאן 1 פל. אויפווערטס. צו האבען ביי דעם ערפינדער אונד ערצייגער.

**L. Pösch,** Spenglermeister

Wien XVII. Bezirk, Blumenga. 60.

ערצייגט וואנד־ אונד פיש־אקוואריען, פאגעלבארקאבינען.

---

**Spezial-Verkehr nach Süd-Russland.**

**N. Katzner, Spedition u. Kommission**

Podwoloczyska. Woloczysk. Brody und Radziwilow

Feste Durchfrachten von und nach Russland.

Export von Holzwolle, Eierkisten brettern u. Sensenwetzsteinen

Steinkohlen Antracht und Koks.

Tee in Orig. Oolpaketten mit kais. russ. Kronbanderolle.

---

## Kaufm. Fern-Unterricht!

בוכפיהרונג (אללע מעטאדען) האנדעלסקארעספאנדענץ, דייטשע או. פאלנישע שפראכלעהרע, קויפם. רעכנען, האנדעלסאו. וועכסעלרעכט, ווארענקונדע, געאגראפיע, שענשרייבען, עספעראנטא־וועלטשפראכע, וועלט־געשיכטע, קאנטאר־פראקסים, סטענאגראפיע (אללע סיסטעמע) א.ז.וו. יעדקאנן ערמאגן אהנע בעזאנדערע פארקענטניסע אים בריעפליכען וועגע אונד אין קורצער צייט גרונדליך ערלערנען. — ביי גלייכצייטיגער טיילנאהמע אן 4 לעהרפעכערן,

**Stenographie gratis**

האנאראר מעססיג, — ערפאלג גאראנטירט!

Gründl. briefl Ausbildung zum tüchtigen Kaufmann.

אנפראגען נור געגען רעטורקארטע, פראספעקטע א 60 העלי פראבעבריעפע K. 2.50 פראנקא.

Bücher-Lieferung gegen Monatsraten:

Graetz, Gesch. d. Juden 13 B.
Meyrs, Con. Lexicon 20 „
Brockhaus „ 17 „
Spamers, Ill. Weltg. 11 „
Inländer Kon. p. d. Wörterbuch 4 „
Brehms Tierleben 11 „
Leixner, Literaturg. 4 „
Kaufm. Bibliothek 5 „
Weltall u. Menschheit 5 „
Allgem. Naturkunde 10 „
Sämtliche Klassiker (illus.)
Gediegene Belletristik „

**Alles in neuester Auflage u. in Pra. gebunden** liefert solventen Personen gegen Monatsraten v. K. 5. aufwärts.

**Erstes commer. Unterrichts-Institut**
**Abteilung für briefl. Unterricht**

A. Weissmann Podgórze-Krakau 37.

---

# HOTEL-RESTAURANT
# Rosenthal
## Lemberg,
**Rzeźnicka.**

Telefon Nr. 1314.

---

MARKA OCHRONNA

# Cacao Hoff

Przewyższa wszystkie dotychczasowe marki. Jana Hoffa Fabryka czekolady i kakao. WIEDEŃ-STADLAU.

---

## דארלעהען אויף לאזע
### אונד אנדערע ווערטפאפיערע

דיא עמטליך נאטיערט זינד. געוועהרע איך אין יעדעם בעט־אגע געגען דעפאטשיין אדער אים קאנטאקארענט צו ביליגסטען בעדינגונגען.

דיא ריקצאהלונג זאלכער דארלעהען קאן נאך וואונש דער פארטיי אויף איינמאל אדער אויך אין בעקוועמען מאנאטסראטען ערפאלגען.

אויך ביי באנקען, שפארקאססען אדער פריוואטען פערפפענדעטע לאזע אונד ווערטפאפיערע לעזע איך אויס אונד קענען זעלבע ביי מיר אים דעפאט בלייבען אדער פערקויפט ווערדען. אויף וואנש קענען דיעזעלבען שטיקע אויך ואנלייך נענען אנגענעהמע מאנאטסראטען וויעדער ריקערווארבען ווערדען, וואבייי דער פאללער קויפפרייז אבצינליך איינער ענטשפרעכענדען אנצאהלונג צור פערפיגונג דעם בעזיטצערס דער לאזע שטעהט אונד דאך דאס פאללע געווינרעכט געוואהרט בלייבט.

**Eduard Urban,**

Bankhaus,

**Brünn, Grosser Platz 22 25**

(im eigenen Hause)

סאלידע שטאבילע וויעדערפערקייפער שטעללע אן. פירמאבעשטאנד זייט דעם יאהרע 1869.

---

## Zakład wodoleczniczy

i sanatoryum specyalnych chorób nerwowych

**Dra Kupczyka,**

**Kraków, ul. Szujskiego 11.**

---

## Lecznica chirurgiczna Zakład Roentgenowski
## Dr. Artura Frommera

Godziny ord. 9—11 przedpoł. 3—5 popoł.

Kraków, Tomasza 18. Róg ul. Floryańskiej

Telefon Nr. 81.

---

## סענזאציאנעללע נייהייט!

בערייטס איבער די גאנצע וועלט פערבייטעט!

ענארם בילליג!

# מאנדליכט
איין וואונדער דער חעמיע אין יעדעם הויזע

זיננרייך קאנסטרוזאירטער אפפאראט. לייכט אונבעדינגט זעלבשטענדיג. קיין ברענשטאף נעטיג מיינע ווארטונג, דאהער גאראנטיערט קאסטענלאז אונד דויערנד אים געברויך. פאלשטענדיג גערוכלאז אונד אונגעפעהרליך. צאהלרייכע אנערקעננונגסשרייבען.

„מאנדליכט“ מאדעלל M. I. II. III.
פרייזע: קראנען 3·60. 4·80. 7·— 11·—

פראנקא אונד אינקלוזיווע פערפאקונג געגען פאראיינזענדונג אדער נאכנאהמע דעם בעטראגעס.

**Mondlichtwerk A. Seib jun. Warnsdorf 53/337 Böhmen.**

MODELL II.

**Sensationelle Neuheit!**

**Bereits über die Ganze Welt verbreitet!**

**Enorm billig!**

# MONDLICHT
ein Wunder der Chemie in jedem Hause!

Sinnreich konstruirter Apparat. Leucht unbedingt selbständig. Kein Brennstoff nötig, keine Wartung, daher garantir kostenlos und daurend im Gebrauch. Vollständig geruchlo und ungefährlich. Zahlreiche Anerkennungsschreiben.

**Mondlicht** Modell M. I. II. III.
Preise: Kronen 3.60, 4.80, 7.—, 11.—

Franko und inklusive Verpakung gegen Voreinsendung oder Nachnahme des Betrages.

**Mondlichtwerk A. Seib jun.**
**Warnsdorf** 53/337 Bohmen.

---

## עפילעפסיע.

ווער עס אן פאללזוכט, קרעמפפען א. אנדערע נערוועזען צושטענדען ליידעט, פערלאנגע בראשירע דאריבער. ערהעלטליך גראטיס אונד פראנקא דורך די

**Privil. Schwanen-Apotheke**
**Frankfurt a. M.**

---

# PAUL NITKIEWICZ

rzeźbiarz

dla towarów galanteryjnych.

WIEDEŃ XX. Bauerleg. 22.

przyjmuje wszelkie roboty w zakres jego przedsiębiorstwa wchodzące.

Specyalista w wykonaniu rzeźbionych ram do obrazów, serwisów, skrzynek lekarskich, cygaretowych itd.

Zlecenia z prowincyi będą natychmiast załatwione.

Reparacye wykonuje jak najtaniej.

Zlecenia wystarcza przesłać kartą korrespondencyjną.

---

וואדראוואסער מאשינען קופפער־צילינדער

אלעראַרט בעדארפס־ארטיקעל פיר וואראַ־וואַסערפאבריקען ליפערט ביללינ

Brückenstein Lemberg, Panieńska 15.

---

## אלער פיינסטען טהעע אונד קאפע

פערזענדעט פער פאסט פון איין קילא אנגעפאנגען. פאן 4 קילא אויפווערטס זענדע פראנקא אונד אנגרא־פרייזע בערעכנעט. אן וויעדערפערקייפער גרויסזער ראבאט.

דא איך איין גרויסעס לאגער דירעקט אוים טריעסט האבע זא זינד די פרייזע מעסיג: טהעע פאן 4 קילא, קאפע פאן 2.40 אויפווערטס. אויף פאקעל טהעע פון 6 h. אנגעפאנגען בעקאממען וויעדערפערקייפער 30% ראבאט.

Alexander Frey, Nowy-Targ.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.